פרייז 10 סענט.

# חאדשי סטאווראס

— דער —

## רויבער הויפטמאנן.

בעארבייטעט פון

א. טאַנענבוים.


פערלאַג פון

ב. ראבינאוויטץ,

398 גרענד סטריט, ניו יאָרק.

PUBLISHED BY

B. RABINOWITZ,

398 Grand Street, New York.

# ווי א שיף אהן א רודער

אזוי איז יעדער מיטטינג וועלכער ווערט געפיהרט אָהן

# קאשינגס האַנד-בוך.

„קאָשינגס האַנד-בוך“ איז אנערקענט אין דער גאנצער וועלט אלס א שולחן ערוך פיר אַללע סאָסייעטיס. אין דיעזעס ווערק זיינען צוזאמענגעשטעלט אַללע רעגעלען און פאָרשריפטען וויא צו פיהרען פערזאממלונגען און מיטטינגען פון לאָדזשעס, חברות, פעראיינען און אָרגאניזאציאָנען.

א. טאַנענבוים, דער גרעסטער אידישער שריפטשטעלער, וועלכער האט אויך זעהר פיעל שטודירט דיא פארלאמענטארישע רולס, האט דיעזעס ווערק בעארבייטעט אין אידיש. ער האט זיך דיא גרעסטע מיהע געגעבען צו ערקלעהרען יעדען רעגעל און יעדעס געזעץ אזויא לייכט, זא דאס יעדער איינער וועט עס קענען גרינדליך פערשטעהן.

מיר מאכען אויפמערקזאם אַללע פרעזידענטען און מעמבערס פון אַללע

## חברות און סאסייעטיס.

דאס איהר וועט פערשפּאָרען פיעל טראָבעל און אונאנגענעהמליכקייטען וועלכע קומען; זעהר אָפט פאָר אויף אייערע מיטטינגען ווען איהר וועט א פּאאר מאָל דורכלעזען „קאָשינגס האַנד-בוך“.

„קאָשינגס האַנד-בוך“ איבערזעצט אין אידיש פון א. טאַנענבוים.

קאָסט בלויז 20 סענט, דיטא פיין געבונדען 30 סענט.

— פערלאג פון —

ב. ראבינאוויטץ, 398 גרענד סטריט, נויארק.

3.26

# דער רויבער הויפטמאן.

פריי נאך דעם פראנצויזישען.

פון

## א. טאנענבוים.

---

1מעס קאפיטעל.

### איך פאהר נאך גריעכענלאנד.

איך הייס הערמאן שולץ, א גאנץ געוועהנליכער דייטשער נאמען, ווייל איך בין א דייטש פון דייטשלאנד אונד צוואר פון א גרויסען דארף ניט וויט פון קעניגסבערג. מיין פאטער איז א מאל געווען א רייכער מאן, ווייל ער האט גע־האט דאס איינציגע גאסטהויז און דיא איינציגע שענק אין דעם גרויסען דארף און אלע נאכבארען און פיעלע פרעמדע פלעגען קומען עסען, טרינקען און לאזשי־רען אין זיין שענק און אין זיין גאסט הויז.

אויסער דעם גאסט הויז און דעם שענק האט מיין פאטער נאך געהאט פינף זיהן און פיער טעכטער. איך בין דער עלטעסטער פון דיעזע פינף יונגע שולץ'ס. אזוי וויא דער דארפ'ס שול—לעהרער האט געפונען, אז איך האב פעהיג־קייטען צום שטודירען און מיין פאטער האט געקענט אויסגעבען עטליכע הונדערט טאהלער אויף מיין שטודיום, האט ער מיך געלאזען שטודירען. ווען איך האב געענדיגט דיא דארפ'ס שולע, האט ער מיך אוועק געשיקט נאך קעניגסבערג אין גימנאזיום.

איך האב גוט געלערנט אין גימנאזיום, זא דאס מיינע לעהרער און מיינע עלטערן זיינען געווען צופריעדען מיט מיר. איך וויל ניט זאגען, אז איך בין געגען

דער בעסטער שילער, אָבער איך בין געווען א גוטער שילער און האב געלערנט פלייסיג. — אין א גימנאזיום אין דייטשלאנד דארף א שילער פערברענגען ווענינ־סטענס אכט יאהר און אין אכט יאהר פליעסען אוועק פיעלע וואסערן. אין דיא ערשטע פינף יאהר פון מיין שטודירען אין גימנאזיום פלעגט מיין פאטער ער־ווארטען מיט אונגעדולט דיא צייט, ווען איך פלעג דארפען קומען א היים אויף איין זומער וואקאנץ. דעם זעקסטען מאָל ווען איך בין געקומען א היים אין מאָ־נאט יוני מיך אויס רוהען פון מיין שווערע ארבייט, האב איך בעמערקט, אז מיין פאטער איז עפּעס אונרוהיג, מיין מוטער איז טרויעריג און מיינע ברידער און שוועסטער זיינען ניט אזוי פרעהליך, ניט אזוי לוסטיג, וויא פריהער.

איך בין אויך באלד געוואהר געוואָרען. פאר וואָס אלע זיינען אזוי אונרוהיג און פיהלען זיך אזוי אונאנגענעהם: מען האָט אנגעהויבען צו בויען אן אייזענ־באהן אין אונזער געגענד און דיא אייזענבאהן סטאציאָן איז אויסגעקומען אין אנדערן עק דאָרף, וואו איינער האָט שוין געקויפט א הויז און בויט שוין א גראָס־הארטינען האָטעל מיט א שענק, מיט א קאפע סאלאָן דערצו. ווען דאס וועט פערטיג ווערן, וועט מיין פאטער מעגען פערמאכען זיין גאסט הויז, ווייל קיינער וועט מעהר ניט קומען צו איהם. ער איז שוין רואינירט.

איך בין געווען נאָך גאנץ יונג און האב פיעל וועניגער געפיהלט דיא שווע־רע זאָרגען פון לעבען און דארום האב איך עס אויך ניט פערשטאנען, פאר וואָס מיין פאטער זאָל רואינירט ווערן, ווייל עס וועט זיך עפענען א האָטעל. איך האב דאהער פערבראכט מיין וואקאנץ גאנץ פרעהליך איך בין צוריק געפאהרען לערנען און ענדיגען מיין שטודיום.

ווען איך האָב געענדיגט מיין שטודיום און האב בעקומען מיין דיפּלאָם פון גימנאזיום, איז שוין דער נייער האָטעל געווען פערטיג, און ווען איך בין געקומען א היים, האבען מיך מיינע עלטערן, מיינע ברידער און שוועסטער צוואר אויפ־גענומען זעהר פריינדליך, זעהר ליעבליך און זעהר פרעהליך, אבער איך האָב געלעזען אויף זייערע געזיכטער א פערבאָרגענע טרויעריגקייט, א געהיימען שמערץ.

באלד בין איך אויך געוואָהר געוואָרען, וואָס דיעזער שמערץ בעדייטעט. אלע צימער פון אונזער גאסט הויז זיינען געשטאנען לעדיג און זעלטען פלעגט מען זעהן א מענשען אין אונזער שענק. מיין פאטער איז געווען רואינירט.

קוים האב איך מיך אפּגערוהט עטליכע טעג, האט מיך מיין פאטער איינגעלאדען צו א געהיימען פאמיליען קאָנפערענץ, אין וועלכער עס האבען טהייל

גענומען אלע עלטערע מיטגליעדער פון דער פאמיליע. דער פאטער איז געווען דער פארזיצענדער און ער האט ערקלערט, אז דיא נעשעפטען געהן זעהר שלעכט און יעדעס מיטגליעד פון דער פאמיליע מוז אנהויבען צו זארגען פאר זיך און פאר דיא פאמיליע. א ברודער נאך מיר האט ערקלערט, אז ער זוכט א שטעלע אויף דער אייזענבאהן. דיא עלטערע שוועסטער האט ערקלערט, אז זיא לערנט זיך נייהען און מאכען פרויען קליידער. קורץ, מען האט זיך בעראטהען, וואס יעדער זאל מאהן און וואס עס זאל ווערן פון יעדען, ריכטינגער נאך, וויא אזוי יעדער זאל זארגען פאר זיך און פאר דיא פאמיליע.

ווען דיא רייהע איז געקומען צו מיר, האט מיין פאטער ערקלערט, אז ער האט נאך אפגעשפארטע איינינע הונדערט טאהלער, מיט וועלכע ער וועט מיך אויסהאלטען, ביז איך וועל ענדיגען מיין שטודיום, ער ווינשט אבער, אז איך זאל שטודירען יוריספרודענץ, וייל אן אדוואקאט פערדיענט שטענדיג פיעל געלד און ער קען שטענדיג האפען געוועהלט צו ווערן אין פארלאמענט און צו שפיעלען א גרויסע ראלע אין דער פאליטיק.

צו מיין בעדויערן, בין איך ניט געווען איינפערשטאנדען מיט זיין מיינונג. איך האב פיינט געהאט דיא יוריספרודענץ און האב אין מיר געפיהלט א בעזאנדערע מיינונג, א בעזאנדערעס געפיהל פיר באטאניק און נאטור וויסענשאפטען. איך בין דאך אויסגעוואקסען אין א דארף, וואו איך בין פון קינד ווייס אויף געוואוינט געווארען מיט דער נאטור, אויסער דעם האב איך אין דער צייט פון מיין שטודיום אין קעניגסבערג מיך בעפריינדעט מיט איינעם פון אונזערע לעהרער פון גימנאזיום, וועלכער איז געווען א פייערינגער ליעבהאבער פון נאטור וויסענשאפטען. און ער האט מיך בעגייסטערט פיר באטאניק און נאטור וויסענשאפטען. ווען איך האב ערקלערט מיין פאטער, אז איך וויל ווערען א באטאניקער און א זאאלאג, א קענער פון דער וויסענשאפט איבער פערשיעדענע טהיערע, איז ער אויפגעשפרונגען, וויא אן אפגעבריהטער און האט אויסגערופען:

— וואס איז דאס? באטאניק? קען מען דען פערדיענען געלד מיט באטאניק? קען מען דערנעהרען א פאמיליע פון באטאניק? — איך וואלט געווען צופריעדען, ווען דוא זאלסט וועלען לערנען מעדיצין, וייל א מעדיצינער פערדיענט שטענדיג געלד, אבער באטאניק? נאטור וויסענשאפט? וואס זיינען דאס פאר ווערטער? — עס איז דא נור איין וויסענשאפט אויף דער וועלט: — וויא אזוי צו פערדיענען געלד!

מיין פאטער האט רעכט געהאט, איך בין אבער דאמאלס געווען אזוי יונג, אזוי אונערפאהרען, אזוי ווענינ בעקאנט מיט דער וועלט, און אזוי פול מיט בע־גייסטערונג פיר באטאניק און נאטור וויסענשאפטען, אז איך האב איהם ניט פערשטאנען און איהם ניט געוואָלט הערן. מיר האבען זיך נאך געשפּארט א געוויסע צייט. מיין פאטער האט פערלאנגט, איך זאָל שטודירען יורי אדער מעדי־צין, און איך האב בעהויפטעט, אז איך פיהל אין מיר דיא פעהיגקייטען און דיא ניינונג צו ווערן א געלערנטער באָטאניקער.

ענדליך האב איך געזיעגט, דאס הייסט מיין פאטער האט א מאך געטאהן מיט דער האנד און האט געזאָגט:

— הער מיך אויס, הערמאן! זא לאנג איך וועל האבען א טאהלער, וועל איך איהם דיר אוועק שיקען ון דיר העלפען, שטודירען, איך האב אָבער מורא, אז דאס וועט ניט לאנג דויערן און דוא וועסט ניט זיין אים שטאנד צו ענ־דיגען דיין שטודיום. וואָס וועט דאן זיין?

מיין וואקאנץ איז פערגאנגען רעכט טרויעריג און איך האב מיך געאיילט צו פאהרען נאך בערלין און אריינטרעטען אין אוניווערזיטעט.

דיא ערשטע צווייא יאהר איז נאָך אלעס געגאנגען ליידליך, ערטרעגליך. מיין פאטער פלעגט מיר צו שיקען ווענינ געלד, אבער איך האב געלערנט אזוי פלייסיג און בין געווען אזוי אריינגעטאהן אין מיין שטודיום, אז איך בין געווען צו־פריעדען, מיט וויא פיעל איך האב געהאט און האב געלעבט, וויא איך האב געקענט. מיינע לעהרער און פראָפעסארען האבען מיך ליעב בעקומען און האבען מיר געגעבען אלע מעגליכקייטען צו לערנען און צו שטודירען, אז איך האב זאָגאר קיין צייט געהאט צו פאהרען אהיים אין דיא זומער מאָנאטע און צו בעזוכען מיינע עלטערן.

אין מאָנאט אָקטאָבער פון דריטען יאהר פון מיין שטודיום האב איך בע־קומען פון מיין פאטער א לאנגען בריעף מיט פינף פרייסישע טאהלער. ער האט מיר געשריעבען, אז דאָס זיינען דיא לעצטע פינף טאהלער, וואס ער שיקט מיר און וועלכע ער קען מיר שיקען. מעהר קען איך פון איהם ניט ערווארטען און איך מוז מיר אליין זוכען מיטעל צום לעבען.

דאס איז געווען א הארטער שלאָג פאר מיר. איך האב פערשטאנען, אז דער בריעף איז געשריעבען געוואָרען מיט טרעהרן, מיט בלוטינע טרעהרן. איך האָב זעהר גוט געקענט מיין פאטער; ער איז געווען אן איינפאכער מענש, אהן חכמות, אָהן קונסט שטיקע. ער האט געזאָגט וואָס ער האט געמיינט, און ער

האט מיך זעהר ליעב געהאט. ווען ער האט געקענט אויסארבייטען ביי זיך, ער זאל מיר שרייבען אזא בריעף, איז איהם שוין שלעכט גענוג.

איך האָב איהם געענטפערט, אז איך וועל מיך שוין דורכשלאגען, האב איהם געטרייסט אין ברוהיגט, וויא וויים איך האב געקענט, און האב גאנץ ערנסט אנ־געהויבען צו זארגען פיר זיך און פיר מיין פאמיליע. וואָלט איך געווען אויפ'ן ער־שטען קורס, וואָלט איך אלעס אוועק געוואָרפען און וואָלט געזוכט א שטעללע אלס שרייבער, אלס בעאמטער צו פערדיענען מיין ברויט, עס איז אבער שוין געווע־שפעט, יעצט האב איך שוין געמוזט ענדיגען מיין שטודיום.

איך וויל נים דערצעהלען, וויא איך האב מיך געפּלאגט דיא לעצטע דרייא יאהר פון מיין שטודיום, צו וואָס זאָל איך עס דערצעהלען? וואָס וועט דער לעזער האבען דערפון? — איך וויל אייך זאָגען אין קורצען, אז איך האב געליטען הונ־גער, דורשט, קעלט אין אלע מעגליכע אונאננעהמליכקייטען, ביז איך האָב ענדליך געענדיגט מיין שטודיום און האב בעקומען מיין טיטול דאקטאר פון באָטאניק פון נאטור וויסענשאפטען מיט א גאָלדענע מעדאללע און פינפציג טאהלער אלס בע־לאָהנונג פאר א געוויסע ארבייט.

אזוי וויא איך האָב זעהר שווער געארביים פאָר מיין עקזאמען און האב יעצט געהאט פונפציג טאהלער אין קעשינע, האב איך מיך ענטשלאָסען צו פאָה־רען א היים צו מיינע עלטערן מיך אויסרוהען אין דיא זומער מאָנאטע, אום צו זוכען א שטעללע אדער בעשעפטיגונג פיר דעם ווינטער.

מיינע עלטערן און מיינע ברידער און שוועסטער האבען זיך זעהר געפרעהט מיט מיין טיטול דאקטאָר און מיט דיא קליינע פּרעזענטען, וואָס איך האב זיי גע־בראכט פון בערלין, איך אב ר האב מיך וועניג געפרעהט, ווען איך האב מיך אומגעקוקט און בין געוואהר געוואָרען, אז דרייא פון מיינע ברידער ארבייטען זעהר שווער אויף דער באהן סטאציאן, איין שוועסטער איז געווארען א שניידערין, אבער זיא פערדיענט ניט פיעל, און דיא אנדערע צווייא שוועסטער מוזען דיענען ביי בע־אמטע פון דער אייזענבאהן סטאציאן. מיין פאטער איז אין גאנצען רואינירט גע־ווארען, ער איז שוין געווען צו אלט אום זיך צו נעהמען צו אן ארבייט און צו וועניג בעקאנט אין דער וועלט אום זיך צו נעהמען צו אנאנדער געשעפט.

מיין מוטער פלעגט צוואר אויסזוכען פאר מיר איהרע בעסטע געריכטען, אבער איך האָב אויך געזעהן, וויא דיא גוטע אלטע וויינט שטילערהייט, ווייל זיא איז נים איס שטאנד צונויפצופיהרען אן עק מיט אן עק אין ארימע ווירטשאפט.

איך האָב באלד איינגעזעהן און געפיהלט דיא גאנצע נויט, דאס גאנצע עלענד פון אונזער לאַגע אוז עס האט מיר גערימען דאס הערץ, וואס איך קען ניט העלפען. איך בין א געלערנטער, אָבער א ארימער געלערנטער, וועלכער האט קיין שטעללע, קיין בעשעפטיגונג און קיינע מיטעל צום לעבען. וואָס טהוט מען? וויא אזוי העלפט מען זיך אויס אין אזא פאל?

איך האב אנגעהויבען צו שרייבען בריעף צו מיינע לעהרער און צו מיינע פראפעסאָרען, וועלכע האבען מיך זעהר ליעב געהאט, און האב געבעטען, זיי זאָלען זוכען פאר מיר עפּעס א בעשעפטיגונג, האב אבער פון קיינעם ערהאלטען אן אנטוואָרט. אנפאנגס סעפּטעמבער האב איך מיך ענדליך ענטשלאָסען צו פאהרען נאך בערלין און זוכען א שטעלע אלס גערטנער ביי א רייכען מאן. איך בין דאך א באָטאניקער און קען דאך ארבייטען אין גארטען, אין א פּארק אדער אין א וויין גארטען.

איך האב שוין צונויפגעלעגט מיינע זיעבען זאכען, פיעל זיינען זיי ניט געוועזן און איך האב געהאט קיינע גרויסע ארבייט זיי איינצופּאקען, ווען דער פּאסטיליאן איז געקומען און האט געשריעען ניט מיט זיין קול: „הערר דאקטאר, הערמאן שולץ!“

איך, מיין פאטער, מיינע מוטער און אלע מיינע ברידער און שוועסטער זיינען ארויסגעלאָפען און דער פּאסטילליאן האט מיר דערלאנגט א גרויסען בריעף מיט א בלויען זיעגעל פון מיניסטער דער אייסערן אנגעלעגענהייטען. דערביי האט ער פערלאנגט, אז איך זאל מיך אונטערשרייבען, אז איך האב ריכטיג ערהאלטען דיעזען בריעף.

א בריעף פון א מיניסטער! מיין פאטער האט געוויינט, מיינע מוטער האט מיך ארומגענומען און האט מיך צוגעפּרעסט צו איהר קראנקע, אויסגעדארטע ברוסט; מיינע ברידער און שוועסטער האבען געטאנצט, וויא יונגע ציגעלעך. א בריעף פון מיניסטער צו דאקטאר הערמאן שולץ!

מיינע הענט האבען געציטערט, ווען איך האב געעפענט דעם בריעף און איך אליין האב אנגעהויבען צו וויינען, ווען איך האב איבער געלעזען, אז דאס קעניגליך פּרייסישע מיניסטעריום דער אייסערן אנגעלעגענהייטען שיקט מיך נאך גריעכענלאנד אויסשטודירען דיא פלאנצען און קרייטער פון גריעכענלאנד און אויסבעסערן דעם קעניגליכען גארטען אין אטהען.

ך מוז דערביי בעמערקען, אז מיט איינינע מאנאטע צוריק האט דיא פּרינצעסין סאָפיא געהייראטעט דעם קראנפּרינץ פון גריעכענלאנד

און זיא האט עס נעבעטען, אז מען זאל איהר שיקען א דייטשען געלערנטען באטאניקער.

אין בריעף איז ווייטער געשטאנען, אז דיא רעגיערונג גיט מיר דרייא הונדערט טאהלער אויף רייזע קאסטען און איינריכטונגען, און דאן הונדערט טאהלער א מאנאט זא לאנג איך וועל בלייבען אין גריעכענלאנד.

איך האב קיינע ווערטער צו בעשרייבען דאס גליק און דיא פרייד פון מיינע עלטערן, מיינע ברידער און מיינע שוועסטער. הונדערט טאהלער א מאנאט! דאס איז דאך א פערמעגען! און באלד וועל איך בעקומען פון מיניסטער אליין דרייא הונדערט טאהלער אויף רייזע קאסטען, דאס איז דאך קיין קליינינקייט!

מיינע אלטע גוטע מוטער האט געווים פערזעצט איהר לעצטעס העמד און האט געמאכט א גראסארטיגען מיטאג, א באלל, אויף וועלכען מען האט זאגאר אויסגעטרונקען א גאנצע פלאש רהיין וויין. — מיין פאטער איז געווען בעזאנדערס גליקליך, ווייל ער האט געוואוסט, אז אויף א רייזע קענען זיך מאכען אלערלייא גוטע געלעגענהייטען: איך קען צום ביישפיעל, בעגעגנען א רוסישע פרינצעסין, וועלכע זאל זיך פערליעבען אין מיך. פאר וואס נים? בין איך דען נים יונג און שעהן?

דעם אנדערן טאג בין איך אוועק געפאהרען נאך בערלין.

---

2טעס קאפיטעל.

## אגלאיא.

איך בין געקומען אין בערלין אין סעפטעמבער און האב גערעכענט, אז אין אכט העכסטענס צעהן טעג ארום וועל איך קענען פאהרען נאך גריעכענלאנד. איך האב מיך אבער באלד איבערצייגט, אז נים אזוי גיך טהוט זיך עס, וויא עס רעדט זיך. „עס זיינען פערגאנגען וואכען" און מאנאטע ביז איך האב בעקומען מיינע דרייא הונדערט טאהלער אויף רייזע קאסטען, אינסטרומענטען און איינריכ־טונגען. דער ווייל האב איך געדארפט שטעהן אויף א קווארטיר און עסען, צווייא זאכען, וועלכע קאסטען געלד. איך האב אויך געמוזט מיך בעזארגען מיט

אנשטענדיגע קליידער, ווייל אין א פרעמד לאנד קען מען ניט געהן אנגעטאהן, וויא אן ארימער סטודענט אין דייטשלאנד.

ענדליך ערשט אין יאנואר האב איך בעקומען מיינע דרייא הונדערט טאהלער און מיין פאספּאָרט פון מיניסטער, דיעזעס געלד האב איך איינגעטהיילט אין דרייא טהייל. הונדערט טאהלער האב איך אויסגענעבען אויף קווארטיר, עסען און קליידער. הונדערט טאהלער האב איך אוועקגעשיקט מיינע אָרימע על־טערן, וועלכע האבען געדארפט דיעזעס געלד נעטהיגער אלס איך, און הונדערט טאהלער זיינען מיר געבליעבען אויף רייזע קאָסטען און אינ־סטרומענטען.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא קארג, וויא שפּארזאם און וויא גענוי איך האב געמוזט לעבען. איך האב געמוזט איבעררעבענען יעדען גראָשען און צי־טערן איבער יעדען פפעניג. דען 15טען יאנואר בין איך ארויסגעפאהרען פון בערלין. אז איך בין געפאהרען דריטער קלאסע ביז טריעסט, קען מען זיך לייכט פארשטעלען; אז אין טריעסט האב איך געזוכט א ביליגעס דאמפף שיף און בין געפאהרען אלס צווישען־דעק פּאסאזשיר, קען מען זיך דענקען.

ענדע יאנואר בין איך אנגעקומען אין אטהען, דיא הויפּט שטאדט פון גריעכענלאנד. אויפ׳ן וועג האט מיט מיר גאר ניט פּאסירט, איך האב קיינע פרינצעסין געטראָפען, ווייל פרינצעסינען פאהרען ניט דריטער קלאסע: מען האט מיך ניט בעגגבעט אויפ׳ן וועג, ווייל מען האט ניט געהאט וואס צו נעהמען ביי מיר; איך מוז דארום זאָגען, אז איך האב געהאט א גליקליכע רייזע.

מיין ערשטע זאָרג, ווען איך בין געקומען קיין אטהען, איז געווען צו געפי־נען א ביליגען האָטעל, ווייל איך האב געוואָלט שיקען א היים צו מיינע עלטערן דיא העלפטע פון מיין געהאלט, פונפציג טאהלער א מאָנאט, און אליין לעבען מיט דיא איבעריגע פונפציג. אין בערלין וואָלט איך געקענט לעבען, וויא א פירסט מיט פונפציג טאהלער א מאָנאט, אין א פרעמדער שטאדט אבער האב איך גע־מוזט זוכען א גאנץ ביליגען האָטעל אום אויס צו קומען מיט אזוי וועניג געלד. אזוי וויא איך האב געהייסען א קעניגליכער פּרייסישער בעאמטער, איז מיין ערשטע פפליכט געווען צו געהן צום פּרייסישען געזאנדטען און מיך פארשטעלען. איך עס געמוזט טאהן, ווייל איך האב ביי איהם געדארפט בעקומען מיין מאָנאטליכעס געהאלט.

איך האב מיך פארגעשטעלטביים געזאנדטען, נראף פאָן שטאָלץ, וועלכער האט מיך אויפגענומען גאנץ קאלט און האט מיט מיר קוים געריעדט עטליכע ווערטער, דאגעגען אָבער האבען מיך אויפגענומען זעהר פריינדליך אלע שרייבער און בעאמטע פון דער געזאנדשאפט. זיי האבען מיך אויפגענומען, וויא א ברודער, און איינער פון זיי האט מיר רעקאָמאנדירט א גרעק מיט'ן נאמען כריסטאָדיל, וועלכער פלעגט פערדינגען מעבלירטע צימער.

מיין נייער בעקאנטער, דער פינפטער סעקרעטער פון דער געזאנדשאפט, איז אליין מיט מיר געגאנגען צום גרעק און איך האב באלד געהאט א שעהנעס געראומיגעס צימער און, אזוי וויא כריסטאָדיל איז געוועזן א בעקער און פלעגט אויך פערזאָרגען זיינע געסט מיט עסען האב איך מיך אנגערונגען ביי איהם אויף קאָסט און קוואַרטיר. אלעס צוזאמען האט מיר געקאסט נור פינף און דרייסיג מאהלער און עס איז מיר נאָך געבליעבען פינפצעהן מאהלער א מאנאט אויף אנדערע אויסגאבען.

איך בין געוועזן גליקליך און בין באלד געווארען היימיש אין מיין נייער וואהנונג. אויסער מיר האבען געוואוינט און געגעסען ביי דיעזען גרעק נאָך פיער מענשען, מיט וועלכע איך האב מיך באלד בעקאנט. איינער איז געוועזן אן איטאַ-ליענער און האט געהייסען דשאקאָמאָ פאַנדי, ער האט געדיענט אלס שרייבער ביים איטאליענישען גענעראל קאָנזול, אבער איך האב מיר אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערן, פאר וואָס דיעזער מאן איז געווארען א שרייבער. ער איז גע-ווען א ניט הויכער, אבער א זעהר שטארקער מאן מיט א פּאָאָר אייזערנע הענד און מיט א פלייצע, אויף וועלכער עס האט בעסער געפאסט א זאק מיט מעהל. זיין בענעהמען איז אויך געוועזן מעהר פון א טרעגער אלס פון א שרייבער. ווען ער פלעגט זיין אין דער היים, פלעגט ער העלפען דעם ווירטה און דער ווירטהין אין אלע זייערע ארבייטען. ער פלעגט שלעפען זעק מעהל אין דיא באקשטוב און פלעגט העלפען ארויסטראגען דאס געבעקס אין פאָרצימער, וואו עס פלעגט פער-קויפט ווערן.—פיעל רעדען מיט איהם האב איך ניט געקענט, ווייל ער האט אזוי ווע-ניג געלערנט, אז איך קען נאך יעצט ניט פערשטעהן, וואס פאר איין ארבייט ער פלעגט טאָהן ביים איטאליענישען קאנסול. אין איין זאך איז ער געוועזן א העלד, — אין עסען. איך האב אין מיין לעבען ניט געזעהן א מענשען עסען אזוי פיעל, וויא דיעזער דשאקאָמאָ פאַנדי, ער פלעגט קיין מאל ניט זאט ווערן און נאך דעם בעסטען מיטאג פלעגט ער קענען אויפעסען עטליכע פונט ברויט אלס צובייסען.

אויסער דעם איטאליענער האט געוואונט אין דיא מעבלירטע צימער א יונגער אמעריקאנער מיט'ן נאמען וויליאם לאבסטער פון דער בעריהמטער פירמא לאבסטער ענד קאמפאני אין ניו יארק. דיעזע פירמא אימפארטירט גריעכישע און טירקישע וואארען נאך אמעריקא און זיא האט געשיקט דעם יונגען וויליאם לאבסטער נאך אטהען אויסשטודירען דעם האנדעל און דיא אינדוסטריע פון גריעכענלאנד. ער איז אריינגעטרעטען אלס שרייבער, בוכהאלטער און גע־שעפטסמאן ביי פיליפ פרער, דאס גרעסטע האנדעלס הויז פון גריכענלאנד. א גאנצען טאג פלעגט ער ארבייטען אין געשעפט, אבענדס פלעגט ער קומען א היים און פלעגט פלוידערן און זיך אונטערהאלטען מיט וועמען ער האט נור געקענט.

אויסער וויליאם לאבסטער האט געוואונט מיט אונז צוזאמען א פראנ־צויזישער געלערנטער, וועלכער איז געקומען נאך גריעכעלאנד אויסשטודירען די א אלטע געשיכטע פון גריעכענלאנד. דאס איז געווען א ניעדעריגער, אויסגע־דארטער אלטער מאן, וועלכער פלעגט צוואר ליעב האבען צו רעדען, אבער פון זאכען, וועלכע פלעגען מיך ווענינ אינטערעסירען. ער איז צופיעל געווען געלערנט פאר מיר און פאר אלעמען און דארום פלעגען איהם אלע אויסמיידען. ווען ער פלעגט אנהייבען צו רעדען פון דער אלטער געשיכטע פון גריעכענלאנד, פלעגט זיך יעדער אויפהייבען און איינער נאכ'ן אנדערן פלעגען ארויסגעהן פון צימער און איהם לאזען אליין.

דער אינטערעסאנטעסטע מענש פון כריסטאדילס קווארטיראנטען איז געווען דשאן הערריס, אן אנקעל פון יונגען לאבסטער. ער האט ניט געוואונט ביי כריסטאדיל בעשטענדיג, זאנדערן פלעגט קומען פון צייט צו צייט עסען און פערברענגען אן אבענד מיט דעם יונגען לאבסטער. איך האב ליעב בעקומען דיעזען מענשען פון דער ערשטער מינוט, ווען איך האב מיט איהם גערעדט, און אזוי וויא ער שפיעלט א ראלע אין מיין ערצעהלונג, מוז איך איהם אביסעל בעסער בעשרייבען.

דשאן הערריס איז געווען אן עכטער אמעריקאנער. ער האט שוין איבער געדיענט אלע עבודה זרות אין דער וועלט. ער איז געווען אין אמעריקא א לעה־רער, א צייטונגס שרייבער, א מאטראז, א קויפמאן, א גאלד גרעבער, א סאל־דאט און האט זאגאר געהאט דעם ראנג פון א קארנעל (אבערסט, פאלקאוו־ניק). יעצט איז ער געווען דער קאמאנדיר פון א קריעגס באאט מיט פינף און זעכציג סאלדאטען און פיער קאנאנען, וועלכע דיא רעגירונג פון דיא פעראיי־

גינטע שטאאטען האָט דאמאלס געהאלטען אין דיא וואסערן פון גריעבענלאנד אום צו בעשיצען און פערטהיידיגען דיא אמעריקאנער בירגער, וועלכע פלעגען זיך דאָרט געפינען. דערביי אבער האָט דשאן הערריס נאך געהאט גענוג צייט צו שרייבען פּאָליטישע ארטיקעל פאר א ניו יאָרקער צייטונג און פיהרען געשעפ־טען מיט אינדינא צווישען אינדיען אין אמעריקא.

דשאן הערריס איז געווען אן עכטער אמעריקאנער דשענטעלמען פון קאָפּ ביז אין דיא פיס. עס איז געווען א פערגניגען מיט איהם צו רעדען און מען האט געקענט רעדען מיט איהם איבער וואס מען האט נור געוואָלט. איך האב אמאָל איהם דערצעהלט, אז איך בין א באָטאניקער און בין געקומען נאך גריעבענלאנד אויס שטודירען דיא גראָזען און קרייטער פון לאנד און אויך אום צו בעפלאנצען דעם קעניגליכען גארטען. הערריס האט מיר באלד בעוויעזען, אז ער איז אזא גוטער באטאניסער, וויא איך, און אז ער האט אויסגעלערנט דיא באָטאניק, ווען ער האט געגראבען גאָלד אין קאליפאָרניען.

צו מיין בעדויערן אבער פלעגט דשאן הערריס קומען צו אונז נור צווייא, העכסטענס דרייא מאל אין דער וואָך, דיא איבעריגע צייט פלעגט ער פערברענ־גען אין פירעאוס, דיא פּאָרטשטאדט פון אטהען. ווען ער פלעגט אבער קומען צו אונז, פלעגט ביי אונז זיין א פייערטאג, א יומטוב, ווייל ער פלעגט מיט ברענגען לעבען און פרעהליכקייט מיט זיך. ער איז שוין געווען קיין יונגערמאן, אבער ער איז געווען לוסטיגער און לעבעדיגער פון אלע יונגע לייט און זאָגאר פון זיין נעפע וויליאם לאָבסטער. איך בין געווען זיכער, אז ווען ניט ער, וואָלט דער יונגער לאָבסטער שון לאנג אנטלאָפען צוריק נאך ניו יאָרק.

אין דער ערשטער צייט נאָך מיין אנקומען אין אטהען, האב איך געהאט זעהר וועניג ארבייט. איך האב מיך צוואר געמעלדעט אין קעניגליכען הויף און האב איבערגעלאָזען מיין קארטע און מיין אדרעסע ביים הויף מארשאַל, אבער דער הויף איז דאמאלס געווען אין טרויער, ווייל א פרינץ איז געשטארבען, און דארום האב איך ניט געקענט מיך פאָרשטעלען ביי דער פרינצעסין.

דאס קלימא אין אטהען איז זעהר מילד און שוין אין פעברואר האבען אנגעהויבען צו בליהען דיא מאנדעלבוימער. איך האב בעזוכט דעם קעניגליכען גאר־טען און דעם פראנצויזישען באָטאנישען גארטען און האב אין זיי ניבטס נייעס און ניבטס בעזאָנדערעס געפונען.—אין אפּריל איז שוין געוואָרען רעכט ווארם און איך האב אנגעהויבען ארויסצוגעהן פון שטאדט אטהען און בעזוכען דיא פעלדער, דיא וועלדער און דיא בערג ארום דער שטאדט. גאנץ ווייט פון דער שטאדט

האב איך מורא געהאט צו געהן. ווייל איך בין נאך ווייניג בעקאנט געווען מיט לאנד און לייט. אויסער דעם האב איך געהערט, אז דיא נעגענד ארום איז ניט גאנץ זיכער. ערשט מיט א מאנאט צוריק האט מען בערויבט א פראנצויזישע דאמע אין מיטען העלען טאָג צעהן מייל ווייט פון אטהען, דיא הויפטשטאדט פון גריעכענלאנד.

ווען מיר פלעגען זיצען ביים עסען, פלעגט מען אָפט דערצעהלען זאנדערבארע געשיכטען פון א געוויסען חאדשי סטאווראָס, דער קאפּיטאן פון א רויבער באנדע, פאר וועלכע גאנץ גריעכענלאנד האט געציטערט. חאדשי סטאווראָס פלעגט ליעב האבען אלע מענשען אלע פעלקער און פון אלע נאציאנען, ווען זיי האבען נור געהאט געלד און ער האט געקענט צו נעהמען דיעזעס געלד. מייסטענס פלעגט ער אָנפאלען אויף פרעמדע. רייזענדע אדער קויפלייטע, און פלעגט זיי בערויבען. ווען זיי האבען געהאט פיעל געלד מיט זיך, פלעגט ער צו נעהמען זייער געלד און פלעגט זיי לאָזען לויפען, האבען זיי אבער קיין געלד געהאט ביי זיך פלעגט ער זיי מיטנעהמען מיט זיך אין דיא בערג און פלעגט זיי הייסען אָנשרייבען א בריעף צו זייערע פריינד אָדער צו זייער קאָנסול אין אטהען, אז ווען מען וועט ניט שיקען אזוי פיעל אזוי פיעל געלד אין אזא טאָג. אין אזא פלאץ, וועט חאדשי סטאווראָס זיי אפּשניידען דיא נעז. און ער פלעגט האלטען וואָרט.

איין מאל אין א זונטאָג, ווען דשאן הערריס האט געגעסען מיטאג מיט אונז, האט מען זיך צו רעדט פון האדשי סטאווראָס. אונזער ווירטה, דער גוטער בריסטאָדיק, האט געטרונקען מיט א גלאָז ווין מעהר, וויא געהעריג, און איז געוואָרען פרעהליכער און רעדענדיגער. גאָר פלוצלונג האט הערריס איהם א פרעג געטאָהן, אויב ער קען חאדשי סטאווראָס? — „ער איז מיין אלטער בעקאנטער," האט כריסטאָדול זיך ארויס נעהאפּט. „איך קען איהם נאָך פון מיין קינדהייט. ער איז דער זון פון א פּאָפּ, נייסטליבען. זיין פאטער האט געוואָלט מאכען פון איהם א גייסטליכען און דארום האט ער איהם געשיקט נאך ירושלים, ווען ער, סטאווראָס, איז אלט געוואָרען 19 יאהר. ווען ער איז צוריק געקומען פון ירושלים, האט ער בעקומען דעם טיטול „חאדשי," דאס הייסט הייליגער, ווייל יעדער מענש, וועלכער איז געווען אין ירושלים און האט געבעטען גאָט אויף דעם הייליגען גראב, דעם קבר פון יעזוס קריסטוס, דער ווערט א הייליגער: עס ווערן איהם פערגעבען אלע זינד, וועלכע ער האט בעגאנגען און וועלכע ער וועט בעגעהן אין זיין לעבען."

„ווען האדשי סטאווראָס איז צוריק געקומען נאך גריעכעלאנד, האט ער ניט

געוואָלט ווערן א גייסטליכער, זאַנדערן איז געוואָרען א קעמפפער, א קריעגער, פאר גאָט און פאר זיין הייליגען גלויבען. אנפאנגס פלעגט ער אָנפאלען נור אויף טערקען און פלעגט צו נעהמען זייער געלד, ווייל זיי־גלויבען ניט אין דיא היילינע מוטער, שפעטער האט ער אויסגעפונען. אז דיא דייטשען, דיא ענגלענדער און פיעלע אנדערע קריסטען ווילען אויך ניט גלויבען אין גאטס מוטער, אין ער האט אויך זיי אנגעהויבען צו בערויבען, און איך זאג אייך, אז ער האט רעכט געהאט: וויא קען עס א קריסט ניט גלויבען אין דיא הייליגע מוטער?"

„עס האבען זיך פערזאמעלט ארום איהם פיעלע בויערן און הירטען (פאס־טוכער) פון גאנץ גריעכענלאנד און חאדשי סטאווראָס איז געוואָרען זייער אנפיה־רער, זייער הערושער, זייער ניט געקרוינטער קעניג. אין א גאנץ קורצע צייט האט מען אנגעהויבען מורא צו האבען פאר איהם, צו ציטערן פאר איהם, און ער האט באלד געמאַכט א גרויסעס פערמעגען. ער האט געפונען גענוג טערקען, ענגלענדער, דייטשען, שוועדען און אַנדערע רייכע ניט גלויבינע, ניט פרומע, ביי וועלכע ער האט צו גענומען אלעס, וואָס ער האט נור געקענט צונעהמען און זאָגאר רעגיע־רונגען פלעגען איהם שיקען געלד. אום ער זאל ניט בעאונרוהיגען זייערע אונטער־טאהנען. דיא רוסישע דיא ענגלישע און זאָגאר דיא טירקישע רעגיערונג זיינען געווען געצוואונגען צו שיקען איהם יעהרליך א געוויסע סומע געלד, אום ער זאל ניט בערויבען זייערע אונטערטאהנען."

„נאררישע מענשען רופען עס „בערויבען," איז אבער האדשי סטאווראָס א רויבער? געוויס ניט! ווען ער האלט אויף א רייזענדען און נעהמט ביי איהם צו זיין געלד, איז ער דערמיט גאָר קיין רויבער: ער בעשיצט נור דעם רייזענדען גע־גען פיעלע אונאנגעהמליכקייטען, וועלכע קענען איהם פאסירען. אויסער דעם דארף דאָך חאדשי סטאווראָס מיט זיינע מענשען אויך מאכען א לעבען, ווארום אלזאָ זאָלען זיי ניט מאכען א לעבען פון פרעמדע?"

„ווען חאדשי סטאווראָס איז רייך געוואָרען, האט ער געפונען פאר נעטהיג צו הייראטהען. ער האט זיך פערליעבט אין א שעהנעס מעדכען פון אונזערע בערג און האט זיא געהייראטעט. זיא האט געהאט א טאָכטער און איז געשטארבען. האדשי סטאווראָס האט וויעדער ניט געהייראטעט, זאנדערן האט זיך אָפּ־גענעבען מיט לייב און זעעלע צו ערציעהען זיין איינציגעס קינד. ער וויל אָנזאמלען אזוי פיעל געלד, אז זיין טאכטער זאל הייראטהען א פרינץ, און דארום האט ער געפונען, אז אנשטאט צו האלטען געלד אין זיינע אייזערנע

קאָסטענס, איז עס פיעל בעסער עס צו דעפּאָנירען אין א באנק, וואו עס וואקסען דארויף פּראָצענט."

"חאדשי סטאווראָס שפּיעלט א זעהר וויכטיגע ראָלע אין דער פּאליטיק בעזאָנדערס אין דיא וואהלען צום קאָנגרעס און אין סענאט. מען וועהלט נור וועמען ער וויל, און וועמען ער הייסט. ווען מען וועהלט ניט דעם מאַן, וועלכען ער וויל, האט מען גאָר קיין סענאטאָר, און זאָגאָר דיא מיניסטאָרען ווערן ערנאנט נאָך זיין וואונש, ווען מען ערנענט א מיניסטער וועלכען ער האט פּיינט, פּערברענט ער אָלע דערפער און אלע שטעדטלעך, וואו עס וואינען דיא פריינד פוּ דיעזען מיניסטער און דיא רעגיערונג מוז ענטלאסען דעם מיניסטער, וועלכען חאדשי סטאווראָס האט פּיינט."

איין מאל האט דיא רעגיערונג ערנאנט א מיניסטער מיט'ן נאמען רהאלעטים אן אלטען, פעהיגען און עהרליכען מאַן. חאדשי סטאווראָס האט איהם פּיינט געהאט, דאס האט רהאלעטים געוואוסט און האט געוואָלט זיך איבערבעטען מיט איהם. ער האט געשיקט איהם בעטען, אז ער וויל זיך זעהן מיט איהם און זיך דורך רעדען מיט איהם. חאדשי סטאווראָס האט איינגעוויליגט און דער מיניסטער מיט דעם רויבער הויפּטמאַן זיינען זיך צו זאמען געקומען אין א דארפס קרעטשמע. רהאלעטים האט איהם פאָרגעשלאָגען, ער זאָל ווערן סענאטאָר און זאָל קאָמאנדירען א גאנצען קאָרפּוס פון אונזער ארמעע.

"ווען איהר זאלט עס געווען טאהן מיט 20 יאהר צוריק, וואָלט איך עס פיעלייכט אָנגענומען," האט חאדשי סטאווראָס געענטפערט, — "יעצט אבער בין איך שוין צו אלט דערצו. איך וועל שלאָפען אין אייער פּארלאמענט, וואו איהר פלוידערט אוועק שטונדען לאנג און ווייסט ניט, וואָס איהר רעדט. אייער פּארלאמענט האט קיין זאך ניט אויפגעטאָהן און וועט קיין זאך ניט אויפטאהן. וואָס וועל איך טאָהן אין אייער פלוידער הויז, וועלכעס איהר רופט פּארלאמענט? — איך מוז עפּעס טאָהן און איהר ווילט נור רעדען, רעדען און רעדען."

רהאלעטים האט פּראָבירט רעדען מיט איהם פון רעליגיאָן און איהם ערקלערען אז בערויבען מענשען איז א זינד, פאר וועלכע גאָט וועט איהם שטראָפען. האשדי סטאווראָס האט איהם געענטפערט גאנץ ערנסט:

"ליבער פריינד, ווען גאָט וועט איבער וועגען מיינע און דיינע זינד, ווייס איך נאָך ניט, וועמעס זינד וועלען זיין שווערער."

עטליכע מאנאטע שפּעטער האט מען געפונען דעם מיניסטער רהאלעטים טויט אויף דער גאס אין א פאָרשטאדט פון אטהען.

אזוי האט מען אוועק נערעדט א גאנצען נאָכמיטאג פון תאדשי סטאווראָס. איך האב בעמערקט, אז דשאן הערריס שטעלט בעזאָנדערע פראגען אונזער ווירטה, מיר האט זיך זאָגאר אויסנעוויעזען, אז העררים וויל עפּעס אויספארשען ביי איהם, בריסטאָדיל האט ענדליך פערשטאנען, אז העררים פאָרשט איהם אוים, און האט נעזאָגט קורץ און שארף:

— מיין העררה, איהר ווילט וויסען צו פיעל, אין אמעריקא קענט איהר עס טאָהן, אבער ניט אין גריעכענלאנד.

איך האב פערגעסען צו דערצעהלען, אז דיא פאמיליע פון אונזער ווירטה איז בעשטאנען פון איהם, זיין פרוי מאריולא און זיין זוהן דימיטרי, א יונגע פון א יאהר צוואַנציג. דימיטרי פלעגט רעדען וועניג, ער פלעגט זיך אבער צו הערן צו אלעס, וואס מען האט גערעדט ביים טיש. מיר האט זיך זאָגאר אוים געוויעזען אז ער קוקט זיך צו צו יעדען פון אונז און שטודירט אונז אוים.

מיט א צווייא וואכען שפּעטער אין א זאָנטאג, ווען העררים האט ווידער גענעסען מיט אונז מיטאג, האט דימיטרי געבראכט א גאסט, א יונגעס מערכען פון א יאהר פונפצען—זעכצעהן, און האט געזאָגט איינפאך:

— דאס איז אנלאיא.

— ווער איז זיא דען? האט העררים געפרעגט.

— זיא איז דיא טאָכטער פון א פערשטארבענעם אָבערסט (פאלקאווניק), וועלכער איז געוועזען מיין בעסטער פריינד, און זיא געפינט זיך יעצט אין א פענ־סיאָן (א שולע פאר מערכען) אין אטהען.

איך האב בעטראכט דאס יונגע מערכען. זיא איז געוועזען ניט שעהן, זאָגאר העסליך, נור איהרע פייערינע שווארצע אויגען האבען געליכטעט און צו ווילען געברענט, וויא דיא אויגען פון א הונגעריגען וואָלף.

וויא איך בין שפּעטער געוואָהר געוואָרען, האט מען זיא געשיקט צו בריסטאָדיל, זיא זאל זיך איבען אין שפּראכען, ווייל ביי בריסטאדיל ביים טיש פלעגט מען רעדען אלערליי שפּראכען, בעזאָנדערס אבער פראנצויזיש און ענגליש, צווייא וועלט שפּראכען, וועלכע ווערן געשעצט און געאכטעט אין פיעלע לענדער און מען בעטראכטעט יעדען, וועלכער רעדט דיעזע צווייא שפּראכען, פאר א העכסט געבילדעטען מענשען.

איך אליין פלעג מוזען רעדען פראנצויזיש אדער ענגליש, ווייל קיינער פון בריסטאָדילס קווארטיראנטען האט קיין דייטש גערעדט. איך האב געלערנט אין

גימנאזיום און אין דער אוניווערזיטעט דיזע שפראכען און מיינער א פריינד, א סטודענט פון איטאליען, האט מיט מיר געלערנט איטאליעניש. קורץ, נוט אדער שלעכט, איך האב מיך געקענט פערשטענדיגען אויף פראנצויזיש, ענגליש, איטא־ליעניש און גריעכיש. דשאקאמא פאנדי האט גערעדט נור גריעכיש, פראנצויזיש און איטאליעניש, זיין מוטער שפראכע. דער יונגער לאבסטער האט פערשטאנען א ביסעל פראנצויזיש און זעהר ווענינ גריעכיש. ער פלעגט דאהער רעדען נור זיין מוטער שפראכע—ענגליש. דער פראנצויזישער געלערנטער האט פערשטאנען זעהר פיעל שפראכען, אבער איהם האט מען געקענט פערשטעהן נור, ווען ער פלעגט רעדען פראנצויזיש. דאנענען אבער האט דשאן הערריס גערעדט זעהר גוט פראנצויזיש, איטאליעניש, גריעכיש און האט פערשטאנען א ביסעל טירקיש.

ביים טיש פלעגט מען רעדען אלע שפראכען, דאס הייסט, מיר קווארטיר־אנטען צווישען זיך פלעגטן רעדען פראנצויזיש אדער ענגליש אדער איטאליעניש, ווען מיר פלעגען אבער וועלען, אז דער גוטער כריסטאדיל זאל אויך אנטהייל נעהמען אין אונזער געשפרעך, פלעגען מיר מוזען רעדען גריעכיש, ווייל דער גוטער כריסטאדיל און זיין פרוי מאריוללא פלעגען פערשטעהן און רעדען נור זייער מוטער שפראכע.

אנלאיא האט נור איין מאל פראבירט זאגען א פאאר ווערטער אויף פראנצויזיש, דערביי איז זיא רויט געווארען, וויא פייער, און האט אראפגעלאזען דיא אויגען. עס איז געווען דייטליך, אז זיא איז נאך קיין מאל ניט געווען צווישען מענשען און האט זיך נאך זעהר געשעהמט צו רעדען א פרעמדער שפראכע.

מיר האבען אפגערעדט, אז מיר זאלען אלע געהן שפאציערן אין פראנצוי־זישען גארטען, א פלאץ, וואו ניט יעדער האט געקענט אריינקומען: צום אונ־גליק אבער האט עס אנגעהויבען צו רעגענען און מיר האבען געמוזט בלייבען אין דער היים. נאכ'ן עסען האט מאריוללא געבראכט ניס און דימיטרי האט געבראכט פערשיעדענע סארטען זיסיגקייטען און האט אונז טראקטירט, אנלאיא איז געבליעבען מיט אונז א גאנצען טאג און איז געווארען א ביסעל צו געוואונט צו אונז. זיא האט אנגעהויבען צו רעדען פרייער און פלעגט פון צייט צו צייט אריינווארפען א ווארט אויף ענגליש. ווארום זיא האט פלוצלונג ליעב בעקומען דיא ענגלישע שפראכע בעסער, וויא דיא פראצויזישע, בין איך ערשט שפעטער געוואהר געווארען.

איך האב בעמערקט, אז דימיטרי לאזט ניט אראָפּ אַן אויג פון אַנלאיא, עס איז געווען קלאָר און דייטליך, אז ער איז פערליעבט אין איהר ביז איבער דיא אויערן, אנלאַיא אבער האט זיך ווענינ נעקימערט וועגען איהם: מיר האט זיך אויסנעוויעזען, אז זיא האט אויגען נור פאר דשאן הערים און דארום פלעגט זיא זיך בעמיהען צו רעדען ענגליש.

אנלאַיא האט אנגעהויבען צו קומען יעדען זאָנטאג און זיא פלעגט ווערן רעכט טרויעריג, ווען דשאן הערים פלעגט ניט עסען ביי אונז.

---

## 3טעס קאפּיטעל.

# מעדי — ענן.

דער 28טע אפּריל איז געווען א זונטאָג און דשאן הערים האט דעם גאַנ־צען טאג פערבראכט מיט אונז. אנלאַיא איז אויך געקומען און האט געקוקט נור אויף דשאן הערים און זיך זאָגאר ערלויבט צו רעדען מיט איהם. אזוי וויא ער האט נערעדט זעהר גוט גריעכיש, האבען זיי ביידע געקענט זעהר לייכט זיך פערשטענדיגען. ווען אנלאיא האט ניט געקענט געפינען א פאסענדעס ענלישעס וואָרט פלעגט הערים איהר אויסהעלפען מיט גריעכיש.

ביים טיש איז געוואָרען א רעדע פון חאדשי סטאַווראָס. מען האט דער־צעהלט, אז דיא זשאנדארמעריא איז אנגעפאלען אויף איהם און זיין באנדע, האט געטייטעט 20 פון זיינע מענשען און געפאנגען גענומען 50 פון זיי כריסטאָדיל איז געוואָרען אונרוהיג און האט זאָגאר אויסגערופען:

— דאָס קען ניט זיין! וואָס האבען זיי דען צו חאדשי סטאַווראָס?

איך האב בעמערקט, אז דימיטרי' האט עפּעס געוואונקען צו אנלאַיא, אָבער איך נים פערשטאנען וואָס ער האט געמיינט דערמיט.

נאָך מיטאג האבען מיר אלע שפּאַציערט אין קעניגליכען גארטען, וואו עס האט געשפּיעלט אַן אָרקעסטער פון פראנצוויזישע מוזיקאַנטען. מיר איז דיא מוזיק ניט געפעלען, אנלאיא אבער איז געווען ענטציקט פון דיעזער מוזיק, מענליך, אז דאס איז געווען דערפאר, ווייל זיא איז געזעסען לעבען דשאַן הערים.

דעם אנדערן טאָג האב איך אנגעהויבען מיך פּאַרצובערייטען אויף א קליינע רייזע אין דיא בערג אום אויסצופאָרשען דיא גראָזען און קרייטער פון גריעכענ־לאַנד. איך האב געוואוסט, אז פאר דעם 15טען מאי וועל איך ניט קענען מיך פארשטעלען פאר דער פרינצעסין, אין אטהען אליין האב איך שוין ניט געהאט וואָס צו טהאָן, און אלס עכטער דייטשער סטודענט האב איך ניט געקענט זיצען לעדיג. איך האב געמוזט לערנען, שטודירען, פארשען, און איך האב אויך געוואָלט מיך אויס צייכענען מיט עפּעס, וויזען, אז איך האב ניט פערבראכט מיין צייט אומזיסט.

עס האט ביי מיר ניט גענומען פיעל צייט מיך פּאַרצובערייטען אויף מיין קורצער רייזע. איך האב מיטגעבראַכט פון דייטשלאַנד א הערבאריום, דאס הייסט, א בלעכענע שאכטעל מיט אבטהיילונגען פאר פערשיעדענע בלעטער, קרייטער, גראָזען און וואָרצלען, אין א בעזאָנדערע אבטהיילונג פאר מיינע אינסטרומענטען: א ניט גרויסען מיקראָסקאָפּ, א שארפעס און קרומעס גארטען מעסער, א קליינעם שפּאטען אויסצוגראבען וואָרצלען און א טהערמאָמעטער. אויסער דעם האב איך מיטגענומען ברויט אויף צווייא טעג און א שטיק קעז.

דיענסטאג גאנץ פריה בין איך ארויסגעגאנגען פון אטהען און האב מיך געלאָזען געהן צו דיא בערג. איך בין געגאנגען לייכט אננעטאָהן ווייל עס איז געוועזן רזעה ווארעם. מיין הערבאריום, מיין פּראוויאנט און מיין שווערען אויבער־ראָק האב איך געטראָגען אויף דיא פּלייצעס. איך האב געדארפט האבען א גרויסען און שטארקען שטעקען, אויף וועלכען איך זאל קענען מיך אנשפּארען, ווען איך וועל דארפען ארויפגעהן אויף א בארג, איך האב אבער ניט געקענט בעקומען אזא שטעקען אין אטהען און האב גערעכענט, אז אין דעם ערשטען בעסטען וועלדיל, צו וועלכען איך וועל צו קומען, וועל איך שוין געפינען אזא שטעקען.

איך בין ארויסגעגאנגען פון אטהען אויף דעם גרויסען טראקט און האב מארשירט לוסטיג און פּרעהלאָך, וויא א יונגער דייטשער סטודענט, אז איך האב נאָר ניט בעמערקט, וויא אזוי איך בין אראָפּגעגאנגען פון טראקט און בין פער־קראָכען אויף א גאנץ שמאָלען דאָרפס וועג. ווען איך האב מיך אומגעקוקט, אז איך בין אראָפּ פון וועג, האט עס מיך זעהר ווענינ געקימערט, ווייל איך האב דאָך געזוכט פּלעצער, וואו עס וואקסען אלערליי גראָזען און בוימער. דעם בארג פּארנאסוס האב איך געזעהן גאנץ דייטליך פאר מיר און איך האב דאָך געוואָלט געהן צו איהם.

נענען מיטאג בין איך צו געקומען צו א וועלדיל און האב מיר אויסגעשעניטען א לאנגען און שטארקען שטעקען. יעצט האב איך שוין געהאט אלעס, וואס איך האב געדארפט.

עס איז געווארען שטארק הייס און איך האב אנגעהויבען צו פיהלען, אז איך ווער הונגעריג. איך האב באלד געפונען א טייכעל אין וואלד און האב מיך געזעצט אונטער א בוים עסען מיין מיטאג. אלעס ארום מיר איז געוועזען שטיל און רוהיג, מען האט ניט געזעהן א לעבעדיגען מענשען און מען האט ניט געהערט א מענשליכע שטימע. דאס האט מיך א ביסעל געוואונדערט, ווייל איך בין דאך געווען נאר ניט ווייט פון אטהען, דיא הויפט שטאדט פון גאנצען לאנד און געוועהנליך הערשט ארום א גרויסער שטאדט לעבען און בעוועגונג.

פלוצלונג האב איך דערהערט שווערע טריט פון פערד. איך האב האסטיג צונויפגעלעגט מיינע זאכען און בין געלאפען זעהן, ווער עס איז דארט. ווען איך בין צו געקומען צום וועג, האב איך געזעהן צוויא דאמען רייטען אויף פערד און הינטער זיי איז געגאנגען צו פוס דימיטרי, דער זוהן פון מיין ווירטה. איך האב מיך דערפרעהט צו טרעפען א גוטען בעקאנטען און האב איהם געפרעגט:

— איז דאס דער וועג צום בארג פארנאס?

— דאס איז דער וועג, האט דימיטרי געענטפערט, — איך געה אויך אהין.

— און ווער זיינען דיעזע דאמען?

— ענגלענדערינען, מיסיס סיימאנס און איהר טאכטער.

— וואס פאר א מענשען זיינען זיי?

— מיסטער סיימאנס איז א באנקיר אין לאנדאן, דער ברודער פון מיסיס סיימאנס איז א לארד, ער איז געבליעבען אין אטהען, ווייל ער פיהלט זיך עפעס ניט גוט.

— וויא קומסט דוא אבער צו זיי?

— זיי האבען מיך געדונגען אלס פיהרער און צאהלען מיר צעהן פראנקס א טאג.

— קען איך מיט געהן מיט אייך ביז צום פארנאס?

— פאר וואס ניט? דער וועג איז פריי פאר אלעמען, האט דימיטרי געענטפערט.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא עלטערע דאמע אומגעקוקט און האט גערופען דימיטרי. ער איז צו געגאנגען צו זיי און דיא עלטערע דאמע האט געזאגט מיט א שטרענגען טאן.

— איך בין אן ענגלענדערין און פערלאנג, אז מען זאל מיך גוט בעדיענען. איך קען אייך ניט צאהלען מיין געלד און איהר זאָלט אייך אפשטעלען רעדען מיט פרעמדע.

— דיעזער מאַן איז קיין פרעמדער, האט דימיטרי געענטפערט, ער איז מיין גוטער בעקאנטער.

— ווער איז ער דען? האט דיא דאמע געפרעגט.

— ער איז א דייטשער.

— און וואָס מאכט ער דען אין גריעכענלאנד?

— ער זוכט קרייטער און גראָזען.

— איז ער אן אפּאָטהעקער?

— ניין, ער איז א געלערנטער.

— רעדט ער ענגליש?

— יא.

דיעזעס געשפרעך איז געפיהרט געווארען אויף ענגליש, ווייל דער ענגלענדער איז צו שטאָלץ אום צו לערנען א פרעמדע שפראכע און ער פערלאנגט, אז אלע מענשען זאָלען רעדען זיין שפראכע. דימיטרי האט גערעדט א זעהר שלעכטעס ענגליש, אבער ער האט זיך געקענט צונויפרעדען מיט א מענשען אויף ענגליש.

איך בין אונטערדעסען צוגעגאנגען נעהנטער און האב אראָפּגענומען מיין הוט פאר דיא דאמען. דיא איינגערע האט מיך גאָר ניט גזעהן, דיא עלטערע האט זיך געמאכט, אז זיא זעהט מיך ניט און האט מיר גאָר ניט געענטפערט אויף מיין גרוס.

מען איז ווייטער געפאהרען. דימיטרי האט שוין מורא געהאט צו רעדען מיט מיר, ער איז יעצט געגאנגען פאָראויס. איך בין נאָכגעגאנגען פון הינטען. דיא דאמען זיינען געפאהרען לאנגזאם און איך האב צייט געהאט צו בעטראכטען דעם וועג און דיא געגענד ארום. אלעס איז געווען שטיל, רוהיג, איינזאם, פערלאָזען און טרויעריג. דאס האט מיך איבערראשט, איך האב מיר אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערען, וואו זיינען אהינגעקומען דיא מענשען, דיא איינוואוינער, דיא בויערן פון דער געגענד.

מיר זיינען אזוי אוועק געגאנגען געגען א שטונדע. דיא עלטערע דאמע האט זיך אומגעקעהרט צו איהר טאכטער און געזאָגט.

— מערי—ענן!

— וואָס איז מאמא?

— איך בין הונגעריג.

— אונזער פיהרער זאגט, אז מיר וועלען באלד קומען צו א כאן, א קרעטש־מע, וואו מיר וועלען קריעגען עפעס צו עסען.

איך האב נאך ניט געקענט זעהן דאס געזיכט פון דער יונגע דאמע, איהר שטימע אבער האט געקלונגען, וויא א זילבערנעס גלעקעלע. עס איז געווען א פער־גניגען זיא צו הערן.

א האלבע שטונדע שפעטער זיינען מיר ווירקליך צו געקומען צום כאן, אבער ער איז געווען לעדיג, עס איז אין איהם קיינער ניט געווען. דיא פענסטער זיינען געווען פערמאכט, דיא טירען פער לאסען. מיסיס סיימאנס איז געווארען רעכט בייז און האט אויסגעשריען:

— וואס איז דאס? איך בין אן ענגלענדערין און ווען איך בין הונגעריג, מוז איך עסען!

דימיטרי האט אראפגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד און האט געזאגט מיט א פרומער מינע:

— זייט ניט בייז מאדאם, אין א האלבע שטונדע וועלען מיר קומען אין דארף קאסטיא, דארט וועלען מיר שוין געווים געפינען וואס צו עסען.

מיר האבען זיך ווידער געלאזען אין וועג, וועלכער איז יעצט געווארען אב־שייליך. מיר זיינען אריינגעקומען אין דיא בערג און דער וועג האט זיך געצויגען ביים ברעג פון א טיעפען אבגרונד. עס איז ווירקליך געווען א שמאלער, אבשייליכער וועג, ריכטיגער נאך א שטעג, אויסגעהאקט אין שטיין. ווען מען האט אראפ־געקוקט פון וועג אין טיעפען טאהל, האט עס אנגעהויבען צו שווינדלען פאר דיא אויגען. מאדאם סיימאנס איז געווארען אונרוהיג און האט אויסגערופען:

— וואס איז דאס? וואו פיהרט איהר מיך? איך בין אן ענגלענדערין און וויל ניט ברעכען דאס געניק אויף אזא שלעכטען וועג.

דימיטרי האט זיך פערטהיידיגט, וויא ער האט געקענט. ער האט ערקלערט, אז עס איז גאר קיין געפאהר דא, דער וועג איז גוט און דיא פערד זיינען געוואוינט צו א זעלכע וועגען.

— ווענינגסטענס פיהרט מיין פערד ביי דער צוים, האט מאדאם סיימאנס געשריען,—וויא וועט אבער מיין טאכטער פאהרען אליין?

איך האב יעצט געפונען א געלעגענהייט מיך אריינצומישען און מיך פאר־צושטעלען פאר דיא דאמען.

— ווען איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך פיהרען ביים צוים דאס פערד פון אייער טאָכטער, האב איך געזאָגט.

איך האב ניט געווארט אויף אן אנטוואָרט. קוים האט דימיטרי אנגענו־מען דיא צינעל פון מיסיס סיימאָנס פערד, האב איך אנגענומען דיא צינעל פון דעם פערד, אויף וועלכען מערי—ענן איז געזעסען און האב איהם געפיהרט לאנג־זאם און פאָרזיכטיג.

יעצט האב איך געהאט דיא געלעגענהייט צו בעטראכטען מיין נייע בעקאנ־טשאפט. מערי—ענן איז געוועזען א זעלטענע שעהנהייט. דאס איז געווען אן עכט ענגלישע שעהנהייט, איינע פון דיא שעהנסטע פרויען פון ענגלאנד. מען דענקט, אז דיא ענלישע פרויען זיינען דיא שעהנסטע אין דער וועלט און דאס איז אויך וואהר, מערי—ענן אבער איז געווען א בעזאָנדערע שעהנהייט.

א כינעזישער געלערנטער זאָגט, אז אין הערצען פון יעדער מענשען געפינט זיך א שנירעל פעריל אדער אייער, פון יעדען פון דיעזע אייער קען אויסגעבריהט ווערן דיא ליעבע, ווען א פרוי וואַרפט איהרע בליקען דאַרויף. עס קען אלזאָ זיין, אז מיסס סיימאָנס האט גראדע יעצט געוואָרפען א בליק אויף מיר און האט געטראפען איינע פון דיעזע ליעבעס אייער אין מיין הערצען. איך האב א ציטער געטאָהן און האב געפיהלט איהר בליק. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז עפּעס האט געפלאצט ביי מיר אין הערצען, עפּעס האט זיך אפּגעריסען. איך בין געבליע־בען שטעהן א פּאָאַר מינוט וויא בעצויבערט און האב בעטראכט איהר שעהנע געשטאלט, וויא זיא איז געזעסען רוהיג און שטאָלץ אויף איהר פערד, וויא א גע־טין פון אלטען גריעכענלאנד.

— איך בעמיהע אייך צו פיעל, האט זיא געזאגט פריינדליך.

— אָה, ניין! האב איך אויסגערופען,—עס מאכט מיר פערגנינגען אייך ניצ־ליך צו זיין, האב איך געענטפערט.

דאס אייז האט געבראָכען, מיר זיינען שוין בעקאנט און מיר האבען שוין גערעדט דעם גאנצען וועג, ביז מיר זיינען אנגעקומען נאך פאסטיא. דאס דאָרף איז געווען לעדיג, מען האט ניט געזעהן א לעבעדיגען מענשען. מיר זיינען צו גע־פאהרען צום כאן (קרעטשמע). ער איז געווען פארמאכט. מיר האבען אנגעקלאפּט אין איין הויז, מען האט אונז ניט געעפענט און ניט געענטפערט; מיר האבען אנגעקלאפּט אין א צווייטעס הויז—דאס זעלבע. דימיטרי איז בייז געוואָרען און האט אויסגעבראָכען א פּאָאַר טהירען אין עטליכע פענסטער, אין דיא הייזער איז קיינער

נים געווען. מאדאם סיימאָנס איז עוואָרען אויסער זיך און האט געשריען נים מים איהר קול:

— וואס איז דאס? איך בין אן ענגלענדערין און וועל נים ערלויבען, מען זאָל אפּלאכען פון מיר! איך דינג א פיהרער, ער זאָל מיך פיהרען אין דיא בערג און מען פיהרט מיך אויף געפּעהרליכע וועגען. איך בין הונגעריג און מען גיט מיר נים צו עסען. איך קום צו א כאַן, קיינער איז נימאָ! מען פיהרט מיך אין א דאָרף —אלע איינוואוינער זיינען זיך צו לאָפען. וואָס הייסט דאָס? איך וועל מיך בע־קלאָגען ביי דער ענגלישער געזאנדטשאפט! איך וועל שרייבען צו קעניגין וויקטאָ־ריא! איך בין א ענגלענדערין!

מערי—ענן האט געזוכט צו בערוהיגען איהר מוטער און דימיטרי האט ערקלערט, אז היינט איז א גרוסער מארק טאג, א יריד, און א שטעדטעל נים וויים, וואהרשיינליך זיינען דיא איינוואוינער פון קאסטיא אוועק געפאהרען אויפ׳ן יריד. ווען מאדאם וויל זיך געדולדען נאך איינינע מינוט, וועט זיא האבען אלעס, וואס זיא פערלאנגט.

— ווייטער פאהרען? האט מיסים סיימאָנס געשריען.

— נור צעהן מינוט רייזע פון דאנען געפינט זיך א קלויסטער, האט דימיטרי ערקלערט, דיא פרומע ברידער פון קלויסטער בעארבייטען אליין דיא פעלדער און דיא גערטנער, וועלכע געהערען צום קלויסטער. זיי זיינען געוויס אין קלויסטער און אלס פרומע מענשען וועלען זיי געוויס זיין גאסט פריינדליך געגען פרעמדע און וועלען אונז געבען צו עסען און צו טרינקען.

מיסים סיימאָנס האט אנפאנגס נים געוואָלט הערן פון ווייטער פאהרען, איהר טאָכטער אבער האט זיא בערוהיגט און איינגעבעטען צו־צופאהרען צום מאנאסטיר. ווען מיר זאָלען געווען זיין נים וויים פון אטהען, וואָלטען זיי געוויס זיך אונעקעהרט נאך אטהען, עס איז שוין אבער געווען נאך דרייא אוהר און ווען מען זאל זיך געווען אומקעהרן נאך אטהען, וואָלט מען אהין קוים אנגעקו־מען ביז נאכט. עס האט אלזאָ גאָר נים געהאָלפען, מיר זיינען צו געפאהרען צום קלויסטער.

אויף א שטיינערנער באנק פארן קלויסטער איז געזעסען אן אלטער מאן. ווען ער האט אונז דערזעהן, האט ער אויפגעהויבען ביידע הענד צום הימעל און האט אונז בעטראכט מיט שרעק און שטוינען.

— וואס קוקט ער אזוי אויף אונז? האט מיסים סיימאָנס אויסגערופען, האט ער דען קיין מאל נים געזעהן קיין ענגלענדערינען?

קיינער האט איהר ניט נעענטפערט. דימיטרי איז צו געקומען צום אלטען מאן, האט איהם א קוש געטאהן אין האנד, האט אנגעבוינען דעם קאפ און האט געזאגט:

— בענטשט מיך פאטער.

— אונגליקליכער מענש? וואס מאכסט דוא דא? האט דער אלטער נייסט־ליבער געפרעגט אונרוהיג.

— פאטער, מיינע געסט זיינען הונגעריג, ניט זיי עסען, זיי וועלען אייך גוט בעצאהלען.

— האסט דוא ניט געזעהן, אז אין כאן איז קיינער ניטא?

— איך האב עס געזעהן, האט דימיטרי געענטפערט.

— האסט דוא געזעהן, אז אין דארף איז קיינער ניטא?

— איך האב עס געזעהן און דערפאר בין איך געקומען אהער.

— דאן געהערסט דוא אויך צו דער באנדע! האט דער אלטער נייסטליבער אויסגערופען.

— צו וועלכער באנדע? האט דימיטרי געפרעגט.

— צו דיא רויבער!

— צו וועלכע רויבער?

— צו דיא רויבער פון תאדשי סטאווראס.

— דיא רויבער פון תאדשי סטאווראס געפינען זיך אין דיעזער געגענד? האט דימיטרי געפרעגט איבערראשט און דערשראקען, — דאן מוזען מיר אנטלויפען.

ער האט גערעדט מיט דעם נייסטליכען גריעכיש, א שפראכע, וועלכע איך האב פערשטאנען, דיא דאמען אבער האבען ניט פערשטאנען א ווארט.— דימיטרי האט זיך יעצט געווענדעט צו דיא דאמען און האט זיי ערקלערט וואס דא טהוט זיך.

— מיר מוזען אנטלויפען זא שנעל, וויא מיר קענען! האט ער געזאגט ערנסט.

— איך בין אבער הונגעריג! איך וויל עסען! האט מיסים סיימאנס אויסגע־רופען, ניט מיר עסען, דאן וועל איך מיט אייך אנטלויפען.

איך בין שפעטער געוואהר געווארען, אז דיא ארימע פרוי האט געליטען פון דער אין דער מעדיצין גוט בעקאנטער קראנקהייט בולימיע אדער הייסהונ־גער, אדער הונגער קראנקהייט. ווען דיא קראנקהייט קומט אן, ווערט דער מענש אוועקגעבען זיין לעבען פאר א שטיקעל ברויט. דער קראנקער עסט ניט פיעל,

אבער ער מוז עפּעס נעהמען אין מויל אריין, ווען דיא קראנקהייט קומט אָן. ווע־נען דיעזע קראנקהייט האט זיא גערייזט. דאָקטוירים האבען איהר געראטהען, זיא זאָל רייזען אין לענדער, וואו עס געפינען זיך בערג, דארום איז זיא אויך געקומען נאך גריעכענלאנד.

— איך בין הונגעריג! איך מוז עפּעס עסען! האט דיא ארעמע פרוי געשריען.

מערי—ענן איז צוגעקומען צו מיר און האט מיך געפרעגט:

— דענקט איהר, אז מיר געפינען זיך אין לעבענס געפאהר?

ניין, האב איך געענטפערט, מען וועט אונז בערויבען, טייטען וועט מען אונז ניט.

— דאן גלויב איך, אז מיר קענען עפּעס עסען, האט זיא געזאָגט.

— ניין! האט דימיטרי אויסגערופען,—מיר מוזען אנטלויפען.

ווען מיר זיינען צו געקומען צום מאָנאסטיר, זיינען דיא דאמען אראָפּ פון דיא פערד און דימיטרי האט זיי צו געבונדען צו בוימער, וועלכע האבען געוואק־סען ארום. יעצט איז ער געלאָפען ברענגען דיא פערד. מיר זיינען איהם נאכ־געגאנגען און זיינען אריינגעגאנגען צווישען קליינע ביימעלעך, וועלכע האבען בע־דעקט דיא גאנצע געגענד.

פּלוצלונג האבען זיך פון דיא ביימעלעך געוויעזען רעהרן פון ביקסען און א הויבע, קרעפטיגע מענער שטימע האט געהייסען שטרענג אויף גריעכיש:

— זעצט אייך אויף דער ערד!

איך האב אנגעהאפּט דיא הענד פון ביידע דאמען און האב מיך מיט זיי געזעצט אויף דער ערד. צעהן ביקסען האבען זיך אויסגעשטרעקט און געציעלט אויף אונז און א הויבער שטארקער מאן איז צו געקומען צו אונז און האט אונז געהייסען אויסלעדינען אונזערע קעשענעס.—איך האב צום ערשטען מאל אין מיין לעבען געזעהן א רויבער, און עכטען רויבער, ניט א טהעאטער רויבער, זאָנדערן א קלאסישען רויבער, א רויבער, וויא ער דארף זיין. אזוי וויא איך האב געהאט זעהר וועניג אין מיינע קעשענעס, האב איך צייט געהאט צו בעטראכטען דיא רויבער עס זיינען געווען מענשען, גאנץ געוועהנליכע מענשען, אָבער זעהר שמוצי־גע מענשען.

צו ערשט האבען זיי זיך גענומען צו דימיטרי.

— דוא ביסט דער פיהרער? האט מען איהם געפרעגט.

— איך בין דער פיהרער, האט דימיטרי געענטפערט.

— ווּיא פיעל בעקומסט דוא א מאָן?

— צעהן פראנק.

— דאס איז ניט פיעל.

— דיא צייטען זיינען שלעכט, האט דימיטרי זיך בעקלאגט, — אַן ארימער מענש איז צופריעדען, ווען ער קען עפעס פערדיענען.

— לעדיג אויס דיינע קעשענעס!

דימיטרי האט ארויסגענומען פון זיינע קעשענעס דרייא פינף פראנק שטיקע, א בייטעל מיט טאבאק, א מעסער און קניילעכעל פאָדים. דיא רויבער האבען אלעס צו גענומען און האבען איהם צוריק געגעבען איין פינף פראנקשטיק.

— געה א היים, האט מען געזאָגט צו איהם, — געה און דערצעהל, וואָס דוא האסט געזעהן.

דימיטרי האט אנגעהויבען זיך צו דינגען און צו פאדערן, אז מען זאל איהם צוריק געבען נאך א פינף פראנק שטיק, מען האט איהם אבער געענטפערט קורץ און שארף, ער זאל נעהמען דיא פערד און זאָל פאהרען א היים. דאַן האט זיך דער הויפטמאן פון דער באנדע געווענדעט צו מיר און האט מיר געזאָגט:

— לעדיג אויס דיינע קעשענעס.

איך האב איהם געוויעזען אויף מיינע זאכען, וועלכע זיינען געליגען אויף דער ערד: צוואנציג פראנק, מיין טאבאק בייטעל און מיין פייפע און מיין טאשענטוך.

— וואס איז דאס? האט דער רויבער געפרעגט און האט געוויעזען אויף מיין טאשענטוך.

— דאס איז א טאשענטוך, האב איך געענטפערט אויף גריעכיש.

— צו וואס דארף מען עס? האט דער רויבער געפרעגט.

— זיך אָפצואווישען דיא נאָז.

— דאן ביסט דוא א רייכער מאן, ווייל נור רייכע מענער ווישען זיך אָפ דיא נאָז מיט א ווייסען, ריינעם טאשענטוך.

— איהר האט אטעות! האב איך אויסגערופען, איך בין אן ארימער געלערנטער.

— און פון וואנען קענסט דוא אזוי גוט גריעכיש? האט דער רויבער מיך געפרעגט.

— איך האב עס געלערנט.

— דאן ביסט דוא א רייכער מאן, האט דער רויבער בעמערקט, ווייל ארימע

מענשען האבען קיין געלד צו לערנען פרעמדע שפראכען.—האסט דוא נאך עפעס? וואס האסט דוא אין קעשענע?

אין דער קעשענע פון מיין וועסט האב איך געהאט אן אלטע גרויסע זילבערנע אוהר פון דער סארטע, וועלכע מען רופט א „ציבעלע.“ דיעזע אוהר האב איך געהאט א פרעזענט פון מיין גראספאטער, ווען איך בין אריינגעטרעטען אין גימנאזיום. דיא אוהר האט קיין ווערטה געהאט, פאר מיר אבער איז זיא געווען טהייער אלס אנדענקען פון מיין גראספאטער.

איך האב ארויסגענומען דיא אוהר און האב זיא איהם געגעבען. ער האט זיא בעטראכט מיט שטוינען און בעוואונדערונג. אין זיינע אויגען איז זיא ווערטה געווען טויזענדער פראנקס. אלע צעהן רויבער זיינען געווארען נייגיעריג צו זעהן דיעזעס זאנדערבארע און וואונדערבארע אינסטרומענט, וועלכעס קלאפט טיק—טאק, טיק—טאק. יעדער האט זיא צוגעלעגט צום אויער און האט זיך צו געהערט, וויא זיא קלאפט.

— וואס האסט דוא אין דעם בלעכענעם קעסטעלע? חאט דער עלטסטער פון דיא רויבער ווייטער געפרעגט.

איך האב ארויסגענומען מיין הערבאריום פון מיינע פלייצעס, האב איהם געעפענט און האב איהם געוויעזען, אז עס געפינט זיך דארט נור איינינע בלומען און קרייטער, וועלכע איך האב צונויפגעקליעבען אויפ'ן וועג, א טהערמאמעטער, א קליינער מיקראסקאפ, א שטיק ברויט מיט א שטיק קעז.

ווען מיסים סיימאנס האט דערזעהן דאס ברויט מיט'ן קעז, האט זיא א ציטער געטאהן, איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב עס איהר דערלאנגט. זיא האט פערשלונגען דאס ברויט מיט'ן קעז, אין איינינע אוינענבליקע.

אונטערדעסען האבען דיא רויבער בעטראכט מיינע אינסטרומענטען. דאס טהערמאמעטער איז זיי ניט געפעלען, זיי האבען ניט פערשטאנען, וואס דאס איז דעם מיקראסקאפ האבען זיי שוין לענגער בעטראכט, האבען אבער אויך ניט געקענט פערשטעהן, וואס דאס איז און צו וואס מען דארף עס, זיי האבען אבער בעקומען א ביסעל רעספעקט פאר א מענשען, וועלכער טראגט ארום מיט זיך אזעלכע אינסטרומענטען. זיי האבען אלעס צוגענומען און אוועק געלעגט אין א זייט.

דאן איז געקומען דיא רייהע פון מיסים סיימאנס. ווען מען האט איהר געהייסען אויסלעדיגען איהרע קעשינעס, האט זיא אנגעהויבען צו שרייען:

— רויבער! מערדער! איבערלעגט אייך, וואס איהר טהוט! איך בין אן

ענגלענדערין! איך וועל מיך בעקלאגען ביי דער ענגלישער געזאנדשאפט! איך וועל מיך בעקלאגען ביי קעניגין וויקטאריא, וועלכע וועט שיקען א פלאטע און מען וועט אייך אלע אויפהענגען.

— וואס זאגט זיא? האט דער רויבער געפרעגט ביי דימיטרי.

— זיא זאגט, אז זיא איז אן ענגלענדערן, האט דימיטרי געענטפערט.

— דאס איז גוט, אלע ענגלענדער זיינען רייך, האט דער רויבער געזאגט,— גיב איהר צו פערשטעהן, אז זיא זאל אויסלעדיגען אלע איהרע קעשענעס.

מיסיס סיימאנס האט ארויסגענומען פון קעשענע א פארטמאנע מיט 20 גאלדענע גינעען. דער רויבער האט זיי איבערגעצעהלט און דיא שעהנע ענגלישע גאלדשטיקע זיינען איהם אזוי געפעלען, אז ער האט פון איהר מעהר ניט פערלאנגט.

יעצט איז געקומען דיא רייהע צו מיסס סיימאנס זיא האט ארויסגענומען פון קעשענע א בייטעלע מיט 120 פראנק, וועלכע דער רויבער האט איבער גע־צעהלט פאר אונזערע אויגען, גלייך וויא זיא וואלט עס איהם גענעבען צו בעהאל־טען. דאן האט זיא ארויסגענומען פון דער פלייצע א קליינע רייזעטאשע און האט זיא אווארף געטאהן אויף דער ערד. דער רויבער האט זיא געעפענט און האט ארויסגענומען טואלעט ארטיקעל פון אן ענגלישער דאמע: קעמעלעך, בערשטע־לעך, א פלעשעלע פערפומען, א פלעשעלע מעדיצין און נאך א זעלכע זאכען. דער רויבער האט בעטראכט יעדע זאך בעזונדער און האט וואהרשיינליך געפונען, אז זיי האבען פאר איהם קיין ווערטה, ווייל ער האט זיי צוריק געגעבען.

— יעצט קענען מיר צוריקפאהרען נאך אטהען, האט מיסיס סיימאנס אויס־גערופען, מיר האבען אייך אוועק געגעבען אלעס, וואס מיר האבען. איך בין אן ענגלענדערין.

— וואס זאגט זיא? האט דער רויבער געפרעגט.

דימיטרי האט עס איהם ערקלערט. דער רויבער האט אויסגעשטרעקט זיין ביקס געגען איהר ברוסט אלס אנטווארט. דאן האט ער גענומען דאס גאנצע געלד, וועלכעס ער האט ביי אונז צו גענומען, האט עס גאנץ גענוי איבער געצעהלט, האט צוגערופען, דעם אלטען גייסטליכען און האט איהם געגעבען דעם צעהנטען טהייל, מעשר.—מיסיס סיימאנס איז אויפגעשפרונגען, וויא א גערייצטע טיגערין און האט אויסגערופען:

— דימיטרי און דער גייסטליכער האבען אונז פערראטהען און יעצט צוטהיי־לען זיי זיך מיט אונזער געלד!

איך האב געזוכט זיא צו בערוהיגען, וויא ווייט איך האב געקענט. דימיטרי האט גערעדט נאך איינינע מינוט מיט דעם רויבער הויפטמאן, דאן איז ער צו געקומען צו אונז און האט געזאָגט:

— איהר זייט געפאנגען ביי דיא רויבער ביז מען וועט שיקען פאר אייך אויסקויף געלד. איך געה יעצט נאך אטהען און וועל מעלדען דעם לאָרד — מיסיס סיימאָנס ברודער—און אייערע פריינד, הערר שולץ, אז איהר זייט געפאנגען און מען דארף אָנגרייטען פאר אייך אויסקויף געלד.

— בין איך אויך געפאנגען? האב איך געפרעגט פערוואונדערט און איבערראשט.

— ליידער, זייט איהר אויך געפאנגען, הערר שולץ, האט דימיטרי געענט־פערט גאנץ רוהיג.

— און וויא פיעל אויסקויף געלד פערלאנגט מען פון מיר?

— דאס וועט בעשטימען ע ר א ל י י ן.

— ווער?

— חאדשי סטאווראָס.

---

4טעס קאפיטעל.

## חאַדשי סטאַווראָס.

דימיטרי איז אוועק געפאהרען נאך אטהען מיט דיא פערד. דער אלטער גייסטליכער איז צוריק געגאנגען אין מאָנאסטיר, און איך מיט ביידע דאמען זיי־נען געבליעבען מיט דיא רויבער. צעהן שטארקע מענער, בעוואפנעט מיט ביקסען אין קינזשאלען האבען אונז ארומגערינגעלט פון אלע זייטען און האבען אונז גע־הייסען געהן מיט זיי. איך בין געווען צופריעדען, וואס זיי האבען אונז ניט בעזוכט און האבען אויף אונז קיין האנד ניט ארויפגעלעגט. זיי האבען אונז געוויעזען דורך צייכענס, אז מיר זאָלען געהן וואוהין מען וועט אונז פיהרען.

מיסיס סיימאנס האט געשריען, אז זיא איז אן ענגלענדערין און וועט זיך בעקלאָגען ביי דער קעניגין וויקטאריא. מערי—ענן אבער איז געבליעבען רוהיג און פאלטבלוטיג. זיא האט מיר זאגאר געזאָגט, אז זיא קען עס ניט גלויבען, אז

מען זאל אונז ווירקליך האלטען געפאנגען אזוי נאָהענט פון דער הויפט שטאדט, פון דער ארמעע און פון דיא קריעגסשיפען פון אלע גראָססמעכטע. דימיטרי וועט געוויס דערצעהלען אלע קאנסולען, אלע געזאנדטע וועלען פראטעסטירען ביים קעניג, וועלכער וועט געוויס אַרויסשיקען זיין גאנצע ארמעע אונז זוכען.

איך האב ניט געוואָלט איהר שווער מאכען דאס הערץ און האב צוגע־שטימט צו אלעס וואס זיא האט געזאָגט, ביי מיר אין הערצען אבער האב איך געפיהלט, אז מיר זיינען אין זעהר שלעכטע הענד. איך האב מיך גענוג אנגע־הערט אין אטהען פון חאדשי סטאווראָס און פון זיינע רויבערייען. איך האב גע־וואוסט פון א געשיכטע, אז ער האט אמאל געפאנגען צווייא יונגע מעדכען פון א רייכען גרעק און ער האט געפאדערט פאר זיי א האלבע מיליאן פראנק אויס־קויף געלד. ער האט דרייא מאל געשיקט זאָגען, אז ווען מען וועט ניט בריינגען דיעזע סומע אין א געוויסען טאג, וועט ער טייטען דיא קינדער. צום אונגליק האט דער באנקיר אזוי גיך ניט געקענט צונויפנעהמען דיעזע סומע און האט זיא געשיקט מיט א טאג שפעטער. ער האט געפונען זיינע ביידע קינדער געקוי־לעט אויף דעם אָרט, וואו מען האט געדארפט איבערגעבען דאס געלד.

דאס האב איך געוואוסט פאר זיכער און איך האב געציטערט פאר זיך און פאר דאס לעבען פון ביידע דאמען.

מיר זיינען געגאנגען לאנגזאם, וויל מיסיס סיימאָנס האט ווירקליך ניט געקענט געהן שנעל. מען האט אונז געפיהרט אין ווילדע געגענדען אויף קליינע וועגעלעך. צו מאל איז דער וועג געוועזן אזוי שמאל, אז נור איין מענש האָט גע־קענט געהן אויף איהם, מען פלעגט אונז דאן צושיידען, ארויפוואַרפען א שטריק אויף יעדען און אונז פיהרען, וויא דיא אקסען צום שלאכטבאנק. עס איז נאכט געוואָ־רען און מיר זיינען אלץ ווייטער געגאנגען. איך בין געוועזן מיעד, אז איך האב מיך קוים געקענט אלטען אויף דיא פיס. מיסיס סיימאָנס האט זיך קוים געשלעפט, אבער יעדעס מאָל, ווען זיא פלעגט בלייבען שטעהן, פלעגט צו קומען צו איהר א קרעפטיגער מאן און זיא נעהמען אונטערן אָרים, זיא פלעגט זיך אויסרייסען פון איהם אין ווייטער געהן אליין.

דיא זון איז אונטערגעגאנגען, עס איז נאכט געוואָרען און מיר זיינען ווייטער געגאנגע'. איך בין געוואָרען אזוי מיעד, אז איך האב מיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס און איך האב נוט געפילט וויא דיא ארימע פרויען שלעפען זיך. מיסיס סיימאָנס האט געקרעכצט, זיך געבייזערט, געבעטען און געשריען, מען זאָל איהר־

לאָזען זיך אויסרוהען, מערי—ענן אבער איז געבליעבען רוהיג און אלעס איבער געטראָגען, וויא א העלדין.

ענדליך האבען מיר דערהערט דאס בילען פון הינט און האבען דערזעהן ליכט פון דער ווייטען. דיא רויבער האבען אונז ארומגערינגעלט און האבען אונז בעשיצט נעגען א דוצענד גרויסע, ווילדע דאָרפ׳ס הינט, וועלכע זיינען באלד אנ־געפאהלען אויף אונז. איינינע מינוט שפעטער האבען מיר זיך געפונען אין לאגער פון דיא רויבער.

דאס איז געווען א גרויסער פרייער פלאץ אין דיא בערג. ארום לאגער האבען זיך געפונען גרויסע און קליינע שטיינער, צו שפרייט, צו זעעט, צו ווארפען פון דער נאטור. אין דער מיט האבען געברענט עטליכע פייערן פון גרויסע הויל־פענס האלץ. שטארקע, קרעפטיגע, דונקעלע געשטאלטען זיינען געזעסען ארום דיא פייערן, האבען געגעסען, געטרונקען, גערויכט, גערעדט, געלאכט און זיך אונ־טערהאלטען.

מען האט אונז צוגעפיהרט צו א גרויסען שטיין און מען האט אונז געהייסען זיך זעצען אויף דער ערד. איך האב מיך באלד אניעדער געזעצט, ריכטיגער נאך, איך בין אניעדער געפאלען פאר מידיגקייט און שוואכקייט. מיסיס סיימאנס אבער האט אנגעהויבען צו שרייען, אז זיא איז אן ענגלענדערין און וועט זיך בע־קלאגען ביי דער קעניגין וויקטאריא, אז מען האט איהר געהייסען זיך זעצען אויף דער ערד אין זאמד, אין שמוץ. זיא האט אזוי לאנג געשריעען, ביז זיא איז מיעד געווארען און האט זיך געזעצט לעבען איהר טאכטער.

איך בין געווען אזוי מיעד, אז איך האב אנגעשפארט דעם קאָפּ אן שטיין און בין באלד אנטשלאפען געוואָרען. איך גלויב, אז מיינע אונגליקס קאמעראדען, דיא צוויא דאמען, האבען געטאָהן דאסזעלבע. איך וויים ניט וויא לאנג איך האב געשלאָפען, איך געדענק נור, אז מיך האט אויפגעוועקט אן אנדערע באנדע רויבער און בלוט זויגער, פון וועלכע איך האב ביז אהער קיינע אידעע געהאט. דאס איז געווען אן ארמעע פון קליינע זעקס פיסיגע, שווארצע בלוט זויגער, וועלכע איינ־פאכע מענשען רופען עס פלעה, דאס זיינען אבער קיינע געוועהנליכע, פלעה זאנ־דערן רויבער פלעה, באנדיטען פלעה. זיי זיינען צוערשט אנגעפאלען אויף מיין רעכ־טען פוס און האבען איהם אזוי צוביסען, אז איך האב שיער געוויינט פאר שמערץ ווען איך האב זיי פערטריעבען פון מיין רעכטען פוס, זיינען זיי אנגעפאלען אויף מיין לינקען פוס, ענדליך האבען זיי אויס געארבייט א גאנץ גוטען קריענס פלאן און האבען זיך אויסגעשטעלט, וויא א רעגעל רעכטע ארמעע. דער רעכטער

פליענעל איז אנגעפאלען אויף מיין רעכטען פוס, דער לינקער פליענעל אויף מיין לינקען פוס און דאס צענטרום, דיא הויפט ארמעע, האט אנגעהויבען צו בעשטירמען מיין גאנצען קערפער.

איך האב ניט געקענט אויסהאלטען דעם שרעקליכען שטורם, בין אויפגעשפרונגען, האב אנגעהויבען צו טאנצען און זיך וועהרן מיט אלע מיינע קרעפטע באלד האב איך דער זעהן, אז מיסיס סיימאנס און מערי — ענן זיינען אויך אויפגעשפרונגען און האבען זיך געוועהרט געגען דעם שרעקליכען פיינד.

מיסיס סיימאנס האט אנגעהויבען צו שרייען און צו בעטען, מען זאל זיא ברענגען פאר חאדשי סטאווראס, זיא וויל מיט איהם רעדען, זיא וויל איהם עפעס בעטען. אייניגע רויבער זיינען צו געקומען און האבען זיא געפרעגט, וואס זיא פערלאנגט. איך האב זיי ערקלערט אויף גריעכיש, וואס זיא פערלאנגט.

— עס איז שוין באלד טאג, האט מען מיר געענטפערט, אין דער פריה וועט איהר קענען רעדען מיט דעם קאפיטאן.

מיר האבען געמוזט שווייגען און זיך געדולדען נאך אייניגע שטונדען. ענדליך איז עס טאג געוואָרען, אונזערע זעקס פיסיגע פיינד האבען זיך צוריקגעצויגען און מיר האבען ווידער געקענט אנטשלאָפען ווערן, זא ווייט עס איז מעגליך צו שלאָפען אונטער אזעלכע אומשטענדע.

געגען 8 אוהר אין דער פריה האט מען אונז געפיהרט אין הויפט בירא, אָפיס, פון דעם גרויסען הערשער חאדשי סטאווראס. איך האב געמיינט, אז חאדשי סטאווראס האט א הויז, א מויער אדער וועניגסטענס א געצעלט, וואו ער נעהמט אויף זיינע בעזוכער און בעזאָרגט זיינע געשעפטען, וויא גרויס איז אלזאָ געווען מיינע איבערראשונג, ווען איך האב דערזעהן, אז דער גרויסער און שרעקליכער חאדשי סטאווראס האלט אָפ זיינע עמפפאנגס און ארבייטס שטונדען אונטער א גרויסען בוים.

ער איז געזעסען אויף א טהייערען טירקישען טעפיך (קארפעט) אונטער א גרויסען, אלטען און פערצווייגטען טאנענבוים, סאָסנא. פיער שרייבער זיינען געזעסען פאר איהם אויף דער ערד און האבען געהאלטען זייער שרייב צייג און זייערע פאַפיערן אויף גרויסע, גלאטע שטיינער. צוויא דיענער זיינען געשטאנען און האבען געווארט אויף יעדען ווינק פון דעם גרויסען הערשער.

חאדשי סטאווראס איז געווען אן אלטער מאן פון א יאהר זעכציג, ער האט אבער אויסגעזעהן פיעל יונגער. ער איז געווען שטארק, פעסט, מאגער און שטאָלץ וויא א קעניג. זיין געזיכט איז געווען גלאט אפראזירט, נור צוויא לאנגע

גרויע וואנצעס האבען אראָפּגעהאנגען, וויא צווייא שווערדען פון זיין רויטעס געזיכט. ער האט געהאלטען אין דיא הענד א ראָזענקראנץ, וויא אלע פרומע אָרטהאָדאָק־סישע קריסטען האלטען, ווען זיי זאָגען זייער געבעט.

ער איז געווען בעשעפטיגט, ווען מיר זיינען צוגעקומען, און האט זיך זאָגאר ניט אומגעקוקט אויף אונז. ער האט דיקטירט בריעף צו זיינע שרייבער. דער רוי־בער וועלכער האט אונז צוגעבראכט צו איהם, דערזעלבער, וועלכער האט אונז געפאנגען גענומען, האט זיך אנגעבויגען צו איהם און האט געזאָגט א פּאָאר ווערטער אין אויער. איך האב פערשטאנען, אז ער זאָגט איהם, אז איך פערשטעה גריעכיש און וועל הערען אלעס, וואס ער, חאדשי סטאווראָס, וועט זאָגען צו זיינע שרייבער. חאדשי סטאווראָס האט אמאך געטאהן מיט דער האנד, גלייך וויא ער וואָלט געזאָגט: „וואס ארט עס מיך? וואס האב איך מורא פאר איהם?"

מיסיס סיימאנס האט ניט געוואָלט ווארטען און האט אנגעהויבען צו שרייען: „איך בין אן ענגלענדערין! איך וועל מיך בעקלאָגען ביי דער קעניגין וויקטאָריא!"

חאדשי סטאווראָס האט געענטפערט גאנץ רוהיג:

— איך בין יעצט בעשעפטיגט, דוא מוזט ווארטען, ביז איך וועל ענדיגען מיינע געשעפטען.

חאדשי סטאווראָס האט גערעדט נור גריעכיש, מיסיס סיימאָנס האט גערעדט נור ענגליש. איך האב גערעכענט, אז ער וועט מיך נעהמען פאר. אדאל־מעטשער, צו מיין בעדויערן אבער, האט איינער פון זיינע סעקרעטערע גערעדט גאנץ גוט ענגליש, פיעל בעסער פון מיר, און זאָגאר דיעזעס פערגניגען האט מען מיר ניט ערלויבט.

חאדשי סטאווראָס האט זיך געווענדעט צו איינעם פון זיינע סעקרעטערע און האט איהם געהייסען שרייבען פאלגענדען בריעף.

„מיין ליעבע טאָכטער, ליבט פון מיינע אויגען!"

„עס פרעהט מיך צו הערן, אז דוא האסט יעצט א געלעגענהייט זיך צו איבען אין דיא דרייא גרעסטע אייראָפּעאישע שפּראכען: דייטש, פראנצויזיש, און ענגליש. עס איז צייט צו דענקען פון א שידוך און איך וויל, אז דיא זאלסט הייראטהען א פּרינץ אדער גאר א קעניג. איך קען עס מיר פערגינען, איך האב גענוג געלד אפּצוקויפען א גאנצעס קעניגרייך און דארום וויל איך אז מיין טאכטער זאָל טראָגען א קרוין אויף איהר קאָפּ. אין דייטשלאנד זיינען דא גענוג פּרינצען און קעניגע. וועלכע וועלען זיך שעצען גליקליך צו האבען א רייכע פרוי, וויא דוא ביסט, און דארום איז עס נעהטיג, אז דוא זאלסט קענען גוט דייטש.

„דאס נייע פּיאנאָ פון פּאריז איז שוין אנגעקומען און דוא וועסט עס בעקו־מען מאָרגען אדער איבער מאָרגען. פון מיין פריינד אין דער הערמעס שטראסע וועסט דוא ערהאלטען א פּאָאר בריליאנטענע אויררינגלעך און אלעס, וואָס דוא האסט פערלאַנגט פון מיר אין דיין פאָריגען בריעף.“

אזוי וויא דער בריעף איז געווען זעהר לאַנג און חאדשי סטאַווראָס האט דיקטירט יעדעס וואָרט, האט מיסיס סיימאָנס מיך געפרעגט:

— וואס דיקטירט ער אזוי לאַנג? איז עס אונזער טאָדטעס אורטהייל?

— ניין, מאדאם, ער דיקטירט א בריעף צו זיין טאכטער.

— ער דערצעהלט אז ערי האט אונז געפאנגען?

— ניין, ער שרייבט איהר וועגען א פּיאנא, גאָלדענע אויערינגען און אנ־דערע זאכען.

חאדשי סטאַווראָס האט גאנץ גוט געהערט, אז מיר רעדען איינער צום אנדערן, אבער ער האט זיך ניט אומגעקוקט און האט דיקטירט א צווייטען בריעף צו אנאנדער שרייבער. דיעזער בריעף איז געווען א געשעפטס בריעף און דער שרייבער האט איהם געשריעבען אין ענגליש.

„הערען בראַדלי ענד קאָמפּ. לאָנדאָן.“

„אייער בריעף ערהאלטען. פאר דיא פינף און צוואנציג טויזענד פונט סטערלינג, וועלכע איהר האט ערהאלטען פון מיין אגענט, זאלט איהר קויפען ענ־לישע דרייא פּראצענטיגע באָנדס.“

— דיעזער קערל פיהרט א העכסט אינטערעסאנטע קאָררעספּאָנדענץ, האב איך געזאָגט צו דיא דאמען,—קענט איהר דאס באנק געשעפט בראַדלי ענד קאָמפּ. אין לאָנדאָן?

— געוויס! מיין מאן איז דער קאָמפּאניאָן פון מיסטער בראדלי! האט מיסיס סיימאָנס אויסגרופען.

— מאכט דאס הויז בראדלי ענד קאָמפּ. געשעפטען מיט גריעכענלאַנד?

— געוויס! מיר מאכען געשעפטען מיט דער גאנצער וועלט.

ווען ער האט געענדיגט דיקטירען דעם בריעף נאָך לאָנדאָן, האט ער זיך געווענדעט צו אנאנדער שרייבער און האט איהם דיקטירט א בריעף נאָך פּאריז. דיעזער בריעף איז שוין געווען געשריעבען אין דער פראנצויזישער שפּראכע און אין געווען אדרעסירט צו א בעריהמטען באנקיר, ביי וועמען חאדשי סטאַווראָס האט געהאלטען גרויסע סומען געלד.

ענדליך האט זיך געענדיגט זיין קאָררעספּאָנדענץ. ער האט א ווינק געטאהן

מיט דער האנד און א דיענער האט אויסגערופען אין דער הויף, אז דיא אפיציערן זאָלען קומען אפגיבען זייערע ראפּאָרטען. אייניגע שטארקע מענער זיינען צו גע־קומען, האבען זיך פערנייגט פארין קעניג און האבען זיך געזעצט אויף דער ערד פאר איהם.— איך האב בעטראכט דיעזע סצענע מיט שטוינען און פערוואונדערונג. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען אז איך געפין מיך אין אוידיענץ צימער פון א קעניג, ווען זיינע מיניסטאָרען קומען צו איהם מיט זייערע בעריכטע.

דער ערשטער, וועלכער האט אפּגעגעבען זיין בעריכט, איז געווען א ניע־דעריגער אבער שטארקער מאן מיט אן אבשייליכען געזיכט פון א רויבער און מערדער.

— וואס האסט דוא געסטערן געטאָהן? האט חאדשי סטאוראָס נעפרעגט.

— איך בין געגאנגען נאָך טהעבען' האט דער רויבער בעריכטעט, — אויפ'ן וועג האב איך געטראפען אן אבטהיילונג סאָלדאטען, 25 מאן מיט אן אָפיציער.

— האסט דוא גענומען זייערע ביקסען?

— ניין. עס זיינען אלטע ביקסען, וועלכע ווערן געלאָדען פון פארינט. וואָס טויגען אונז דיעזע שטיקער אייזען?

— גוט!—וואָס האסט דוא וויטער געטאָהן?

— אין שטעדטעל טהעבען איז געווען א יריד, איך האב געווארט אויפ'ן וועג און האב צוגענומען ביי אלעמען, וואס זיי האבען געהאט.

— אין וויא פיעל האסט דוא געבראכט?

— טויזענד, זעקס און א האלבען פראנק.

— דאס איז ווייניג. האבען דען דיא לייט מעהר קיין געלד געהאט?

— עס זיינען געווען בויערן, ארימע לייט, איך האב צוגענומען ביי זיי דעם לעצטען סאנטים.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון בוזים א לעדערנעם בייטעל אין האט אפגעצעהלט דאס געלד.

— האסט דוא ניט געפונען ביי זיי גאלד און זילבער זאכען?

— ניין, זיי האבען ניט געהאט א זעלכע זאכען וועלכע זיינען ווערטה געווען צו נעהמען.

— זיינען גאָר קיינע פרויען געווען צווישען זיי?

— עס זיינען געווען פרויען, אבער זיי האבען ניט געטראָגען קיינע ציערונג.

דער קעניג פון דיא בערג האט געמאכט א קרומע מינע און האט זיך גע־ווענדעט צו אנאנדערן מיט דער פראגע:

— און וואס האסט דוא אויפגעטאָהן, וואסיל?

— איך בין געגאנגען נאך פיגאדיא, דאס דאָרף פון סענאטאָר זימבעללים. איך בין אריינגעגאנגען אין חאן (קרעטשמע) און האב געקויפט ביים תאנדשי (קרעטשמאר) 25 בונט שטרוי, פאר וועלכע איך האב איהם באלד בעצאהלט דער מיט, וואָס איך האב איהם איבער געשניטען דעם האלז.

— ניט שלעכט, האט תאדשי סטאוראָס געזאָגט, וויא צו זיך אליין.

— דיא בונט שטרוי האב איך ארומגעלעגט ארום דיא הילצערנע הייזער און האב זיי אנגעצונדען עס איז געוואָרען אזא שעהנע אילומינאציאן, אז עס איז געווען א פערגניגען צו זעהן. דיא איינוואוינער האבען זיך אויפגעחאפט און האבען גע־וואָלט לעשען דאס פייער, מיר האבען אריינגעוואָרפען אין טייך, וויא פיעל מיר האבען געקענט, און דיא איבעריגע זיינען זיך צו לאפען.

— ניט שלעכט, האט תאדשי סטאוראס געזאָגט.

— אין איין הויז, וועלכעס האט ניט געוואָלט ברענען האב איך געפונען א קינד, וועלכעס האט זעהר געשריען, ווייל מען האט עס איבער געלאזען אליין, איך האב געהייסען עס אריינווארפען אין פייער און עס האט אויפגעהערט צו שרייען.— דאן האבען מיר גענומען ברענענדיגע שטיקער האלץ און האבען אונטערגעצונדען דיא אָליוון בוימער. דאס איז געווען א שווערע ארבייט, דיא נאסע בוימער האבען ניט געוואָלט ברענען, אבער עס איז אונז דאָך געלונגען זיי אנצוצינדען און אלע אָליוון בוימער (זיתים) פון סענאטאר זימבעלים זיינען פערברענט געוואָרען.

— דאס איז גאנץ רעכט! האט תאדשי סטאוראס בעמערקט, דער סענא־טאָר זימבעללים וועט שוין וויסען וויא צו האלטען רעדען אין סענאט געגען אונז. ער וועט מיך האבען צו געדענקען און וועט שוין אנזאָגען זיינע קינדס קינדער זיי זאלען קיין מאל ניט רעדען א וואָרט געגען תאדשי סטאווראס.

— און דוא סאָפאָלקעס, וואס האסט הוא עפעס געטאהן? האט דער קעניג פון דיא בערג ענדליך געפרעגט דעם רויבער, וועלכער האט אונז גענומען געפאנגען.

קוים איז דיעזער רויבער צו געקומען צום קעניג, האט מאדאם סיימאָנס אנגעהויבען צו שרייען, אז זיא איז אן ענגלענדערין, אז זיא וועט זיך בעקלאגען ביי דער קעניגין וויקטאָריא. תאדשי סטאווראָס האט אונז געהייסען שוויינען, ביז ער וועט אויסהערען דעם ראפּאָרט פון סאָפאָקלעס.

סאָפאָלקעס האט ארויסגענומען פון זיין גארטעל 80 עסטעררייכישע דוקאטען און האט זיי אניעדערע געלעגט אין איין הויפען, דאן האט ער ארויסגענומען דאס

געלד, וואס ער האט בײַ אונז צו גענומען, און האט זײַ אוועק געלענט אין א צוויי־מען הויפען. דערבײַ האט ער ערקלערט:

— דיא דוקאטען האב איך געפונען בײַ דעם האנדשי (קרעטשמאר) פון דארף קאסטיא און דיעזעס געלד האב איך געפונען בײַ דיעזע דאמען און דיעזע הערר.

— דוא האסט ניט גלייך געטאהן, האט האדשי סטאווראס געזאגט מיט א פארוואורף,—דוא'האסט ניט געדארפט זיך צוקריעגען מיט דיא איינוואוינער פון קאסטיא, זײַ זיינען אונזערע פריינד און מיר דארפען זײַ ניט ריהרען.

— איך האב אויך קיינעם ניט אנגעריהרט, האט זיך סאפאלקעס פערטהיי־דינט, איך האב נור געליהען דיעזע עטליכע דוקאטען בײַם האנדשי.

— דוא האסט שלעכט געטאהן שטעה אן א זייט.

יעצט איז געקומען דיא רייהע צו אונז. איך האב איהם ערקלערט, אז איך קען זיין א דאלמעטשער צווישען איהם און דיא דאמען, ער האט זיך אבער זאגאר ניט אומגעקוקט אויף מיך און האט צוגערופען איינעם פון זיינע מענשען, וועלכער האט גערעדט א גאנץ גוטעס ענגליש.

— מאדאם, האט ער געזאגט גאנץ העפליך,—מאדאם, איך זעה, אז איהר זייט א ביסעל בייז, האט מען אייך מיט עפעס בעליידיגט?

מאדאם סיימאנס איז אונטער געשפרונגען און האט אויסגערופען:

— וואס רעדט איהר? עס איז דאך שרעקליך! עס איז דאך שוידער־האפט! מען האט מיך אויפגעהאלטען אויפ'ן וועג, מען האט מיך בערויבט, מען האט מיך געצוואונגען צו געהן צו פוס!

— ענטשולדיגט, מאדאם! פערצייהט, מאדאם! האט האדשי סטאווראס געזאגט גאנץ ערנסט, איך וויס, אז מיינע מענשען זענען א ביסעל גראב, איך קען מיר עס ניט העלפען, עס איז זעהר שווער צו קריעגען געבילדעטע מענשען, פיינע מענשען מיט עדעלע מאניערן.—איהר זייט אן ענגלענדערין?

— איך בין אן ענגלענדערין פון לאנדאן, האט מאדאם סיימאנס געענט־פערט שטאלץ.

— איך בין געוועזען אין ענגלאנד, האט האדשי סטאווראס געזאגט גאנץ פריינדליך, איך קען דיא ענגלענדער. זיי זיינען גאנץ פיינע מענשען, וועלכע האבען בײַ זיך אויף דער רייזע ווייניג געלד, ווייל זיי האבען א קרעדיטיווע—קרעדיט בריעף—אויף דיא בעסטע בענק אין ווייטע לענדער. סאפאלקעס איז א מוינע־

ניכטס, א גראָבער יונג, וועלכער וויס ניט וויא זיך צו בענעהמען נעגען פיינע, אנ־שטענדיגע מענשען.

— איך געהער צו דער בעסטער געזעלשאַפט אין לאָנדאָן! האט מאדאם סיימאָנס געשריען.

חאדשי סטאווראס האט גענומען דיא 12 גינעען, וועלכע סאָפּאָלקעס דער רויבער האט צוגענומען ביי מאדאם סיימאָנס, און האט זיי איהר צוריקגעגעבען מיט פאלגענדע העפליכע ווערטער:

— ביטע, מאדאם, נעהמט צוריק דאס געלד וועלכעס דער גראָבער יונג סאָפּאלקעס האט ביי אייך צוגענומען.—איהר זייט געוויס רייך?

— געוויס בין איך רייך!

— האט איהר פיעלייכט צוואנציג טויזענד פראנק א יאהר איינקינפטע?

מאדאם סיימאָנס האט א שמייכעל געטאָהן און האט אויסגערופען:

— פיעל מעהר, מיסטער!

חאדשי סטאוורוּס האט גענומען דיא האנד טאשע, וועלכע סאָפּאָלקעס האט צוגענומען ביי מערי—ענן, און האט זיא געוויעזען מאדאם סיימאנס מיט דער פראגע:

— איז דאס אייער האנד טאשע?

— דאס איז מיין טאכטערס.

דאן האָט חאדשי סטאוורָאס איהר געוויעזען מיין בלעכ—קעסטעלע און האט זיא געפרעגט:

— און דיעזעס קעסטעלע געהערט געוויס צו אייער הערר זוהן?

דערביי האט געוויעזען אויף מיך.

— מיין זוהן? האט מאדאם סיימאָנס אויסגעשריען און האט שיער ניט גע־טאנצט פאר פערדרוס,—מיין זוהן? איך בין אן ענגלענדערין און דיעזער יונגער מאן איז א דייטש, וויא קען ער זיין מיין זוהן, ווען ער איז דייטש?

— דאָ האט איהר רעכט, מאדאם, האט חאדשי סטאווראָס געזאָגט גאנץ העפליך, ווען ער איז א דייטש, קען ער דאָך ניט זיין דער זוהן פון א ענגלענ־דערין. — האט איהר פיעלייכט דרייסיג טויזענד פראנק א יאהר איינקינפטע?

— נאך מעהר! פיעל מעהר!

— סאָפּאָלקעס! האט חאדשי סטאווראָס אויסגערופען,—סאָפּאָלקעס ברענג א טעפּיך (קארפעט) פאר דיעזע דאמען. זיי קענען ניט שטעהן אויף דער נאקע־טער ערד.

זיך ווידער געווענדעט צו מאדאם סיימאָנס און האט זיא נעפרעגט:

— זייט איהר פיעלייכט א מיללי‌אָנערין?

— געווים, מיסטער! איך בין א מיליאָנערין! דאס באנק געשעפט בראדלי ענד קאָמפּ. איז בעקאנט אין דער וועלט און מיין מאן איז דער קאָמפּאניאָן פון הערר בראדלי.

— דאן בעדויער איך זעהר, וואס מיינע מענשען האבען אייך אזוי שלעכט בע־האנדעלט.—איהר האט געווים בעקאנטע און פריינד אין אטהען?

— איך קען דיא גרעסטע באנקיערן פון אטהען! איך בין בעקאנט מיט דעם ענגלישען געזאנדטען אין אטהען! מיך קען מען איבעראל, האט מיסיס סיימאָנס שטאלצירט.

— עס פרעהט מיך זעהר, דאס צו הערן, האט חאדשי סטאווראָס געזאָגט גאנץ העפליך.—סאָפּאָלקעס! שטעל דיך אויף דיא קניע און בעט אום ענטשול־דיגונג ביי דיעזע דאמען.

סאָפּאָלקעס האָט געמאכט א זויערע מינע, וויא א גריעכישער רויבער קען נור מאכען, און האט עפּעס געמורמעלט אונטער דיא צעהנער. חאדשי סטאווראָס האט עס בעמערקט און האט געזאָגט צו איהם:

— האסט דוא דען ניט פערשטאנען, אז דיעזע דאמען זיינען רייכע ענגלענ־דערינען, זיי פערמעגען מיליאָנען און זיינען בעקאנט מיט פיעלע באנקיערן אין אטהען. ווען מען בעגעגנעט א זעלכע אריסטאקראטישע דאמען אין דיא בערג דארף מען זיי העפליך בעגריסען און נאָך העפליכער איינלאדען אין אונזער לאגער וואו מען דארף זיי בעהאנדלען מיט אלע מעגליכע פריינדליכקייט, ביז זייערע בעקאנטע וועלען אונז צו שיקען אן אויסלעז געלד פון הונדערט טויזענד פראנק פאר יעדע. צוזאמען פאר דיעזעביידע דאמען צווייא הונדערט טויזענד פראנק.

האדשי סטאווראס האט ארויסגעזאָגט זיין אורטהייל: ער פערלאנגט פאר מיסיס סיימאָנס און איהר טאכטער צווייא הונדערט טויזענד פראנק. — מיסיס סיימאָנס האט עס אנפאנגס ניט אזוי גוט פערשטאנען, איך אָבער האב פער־שטאנען גריעכיש און האב מיך צו געהערט צו יעדעס וואָרט וואס חאדשי סטאווראָס האט געזאָגט, איך האב עס גוט פערשטאנען. איך האב אויך פער־שטאנען, אז יעצט קומט דיא רייהע צו מיר און איך האב געוואָלט פערחאפּען דיא פיש פאר דער נעץ.

— מיין הערר, האב איך געזאָגט, מיין זהרר, איך בין א דייטשער, איך בין

אן ארימאן, איך בין ניט בעקאנט ניט מיט געזאנדעטע, ניט מיט באנקירען, ניט מיט רייכע מענשען, פאר מיר וועט קיינער ניט געבען א פראנק, ווייל מיינע ברי־דער און מיינע שוועסטער האבען גאנץ אָפט קיין ברויט צו עסען.

— אויב עס איז אזוי וויא איהר זאגט, וועל איך אייך ניט אויפהאלטען, האט חאדשי סטאווראָס געזאָגט גאנץ רוהיג, איהר מעגט אייך צוריק געהן נאך אטהען, ווען איהר ווילט, און מיטנעהמען א בריעף פון דיעזע גאבעלע דאמען צו זייערע פריינד און בעקאנטע, ווילט איהר בלייבען און בעטראכטען אונזערע בערג.

איך בין אויפגעשפרונגען פאר פרייד. איך בין געווען פאָלקאָמען איבער־צייגט, אז איך בין שוין א פרייער מאן, איך האב אבער ניט געקענט חאדשי סטאווראָס און איך האב איהם באלד דערקענט. איך בין געוועזען אזוי פול פרייד, אזוי ענטציקט, אז איך האב געוואָנט צו בעטען ביי חאדשי סטאווראָס, ער זאל מיר אָפּגעבען מיין בלעכענעס קעסטעלע—מיין הערבאריום.

— ביטע! האט חאדשי סטאווראָס אויסגערופען, נעהם עס דיר, אבער זאָג מיר, צו וואָס דארפסט דוא עס? עס איז דאָך לעדיג.

— איך האלט דארט קרייטער, בלומען און וואָרצלען, וועלכע איך זאמעל.

— צו וואָס דארפסט דוא דיעזע קרייטער? פערקויפסט דוא זיי?

— ניין. איך בין א געלערנטער און זאמעל דיא קרייטער וועגען דער וויסענשאפט.

חאדשי סטאווראס האט מיר געגעבען זיין האנד און האט אויסגערופען:

— עס פרעהט מיך זעהר מיך צו בעקענען מיט א געלערנטען, איך האב זעהר ליעב דיא וויסענשאפט און וואָלט פיעלייכט אויך געוואָרען א געלערנטער ווען איך זאל נור געווען האבען א געלעגענהייט צו לערנען.—האט מען זעהר ליעב געלערנטע אין דייטשלאנד?

— געוויס! דייטשלאנד איז דיא ציוויליזירטעסטע לאנד אין דער וועלט.

— גיט מען דארט א געלערנטען א גוטע שטעלע? בעצאהלט מען גוט א געלערנטען?

— געוויס! עס איז ניטא א לאנד אויף דער וועלט, וואו געלערנטע זאָכען זיין אזוי געשעצט אין געאכטעט, וויא אין דייטשלאנד, האב איך אויסגערופען שטאָלץ.

— פיעלייכט רייזט איהר גאָר ניט אויף אייערע הוצאות?

— נאטירליך! מיך האט דיא רעגיערונג געשיקט נאך גריעכענלאנד.

— דאן זיים איהר א גרויסער געלערנטער.

— איך האב דעם טיטול דאָקטאָר דער נאטור־וויסענשאפטען.

— איז נאָך דאָ א העכערער טיטול פאר א געלערנטען?

— ניין, דאס איז דער העכסטער טיטול פון א געלערנטען.

— פון וואָס פאר א שטאדט זיים איהר?

— איך בין פון בערלין.

איך האב געזאָגט בערלין. ווייל איך האב גערעכענט, אז אזא אונוויסענדער מענש, וויא האדשי סטאווראָס, וויים געוויס פון דייטשלאנד נור בערלין און פיע־לייכט אויך האמבורג.

— וויא פיעל א זעלכע געלערנטע, וויא איהר געפינען זיך אין בערלין? האט האדשי סטאַווראָס געפּראָשט.

— איך האב זיי ניט געצעהלט, איך וויים אבער, אז אין בערלין זיינען דא מעהר געלערנטע, וויא אין אטהען גענעראלען.

— בערלין איז געוויס א רייכע שטאדט, האט האדשי סטאווראס געזאָגט וויא צו זיך אליין, איך האב געהערט פון בערלין.

— אה, בערלין איז א זעהר רייכע שטאדט, האב איך שטאָלצירט.

— דאן גלויב איך, אז בערלין וועט גיבען פאר אזא געלערנטען, וויא איהר זיים פינפצעהן טויזענד פראנקס. דאס איז א קלייניגקייט. איהר זיים דאָך א דאָק־טאָר, וויא איז עס א דאָקטאָר ניט ווערטה 15,000 פראנקס? ווען איהר זאלט זיין אן אונוויסענדער, וויא איך בין, א גראָבער מענש, וואָלט איך ניט פערלאנגט פאר אייך א האלבען פראנק, אבער איהר זיים דאָך א דאָקטאָר און א דאָקטאר איז שוין עפעס ווערטה. — געהט, יונגער מאן שפאציערט אין אונזערע בערג, זאמעלט גראָזען, קרייטער, בלומען, שטיינדלעך און וואָס איהר ווילט. ווען מען וועט מיר צושיקען דיא 15,000 פראנק, וועט איהר מעגען צוריק פאהרען א חיים.

איך בין אראָפּגעפאהלען פון זיבעטען הימעל און האב אנגעהויבען צו ער־קלערען, אז איך האב זעהר אָרימע עלטערן, אז איך בין גאָר ניט פון בערלין אליין, זאָנדערן פון א שטעדטעל ווייט פון בערלין און נאך א זעלכע זאכען. האדשי־סטאווראָס האט אָבער מעהר ניט געוואָלט הערן. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין זיץ, האט געזאָגט עטליכע ווערטער צו סאָפאָקלעס און האט געהייסען אונז אוועקפיהרען אין אונזער האָטעל און אונז געבען עסען.

מען האט אונז באלד אוועק געפיהרט אין אונזער קווארטיר. דער דאך פון אונזער נייע וואוינונג איז געווען דער שעהנער, בלויער הימעל פון גריעכענלאנד.

דער פוס באָדען איז בעשטאנען פון א גרינעם טעפּיך (קארפעט) פון ווייכעס גרי־נעס גראז, און דיא וועגט האבען געבילדעט עטליכע שטיינער. און איין ווינקעלע האט זיך געגאָסען ריינעס, פרישעס, קלאָרעס וואסער פון א שטיין.

אזוי וויא מיר זיינען געווען זעהר הונגעריג, האט מען אונז באלד געבראכט אונזער פריהשטיק: א האלבען לאבען שווארצעס ניט גאנץ פרישעס ברויט, א שטיק פרישען קעז, א גרויסער טאָפּ זויער מילך, עטליכע גרינע ציבעלעס און א פרישער רעטאך איז געווען אלעס, מיט וואס מען האט אונז אויפגענומען אלס געסט. פון זילבערנע לעפעל האבען דיא רויבער ניט געוואוסט און מיר האבען גע־מוזט עסען מיט קיילעכדיגע, שעהן אויסגעשניצטע הילצערנע לעפעל, וויא מען גע־ברויכט זיי אין רוסלאנד ביי דיא אלטע מאָדישע רוסישע בויערן. גאָפּלען האבען מיר דער וויילע ניט געדארפט און ביי קעניג חאדשי סטאווראָס אין הויף פלעגט מען בענוצען דיא גאָפּלען, וועלכע דיא נאטור האט אונז געגעבען,—דיא פינגער. דער־פאר האט מען אונז נעגעבען א לאָגעל וויין, דאס הייסט, א פעל פון א ציגעלע אדער פון א שעפּסעלע ווערט אויסגעטריקענט און צוזאמענגעבונדען, אז מען קען אין איהם האלטען א פליעסיגע זאך.

אן אָפיציער איז געשטאנען לעבען אונז אום אונז צו בעדיענען און פיעלייכט אויך אום צו שפּיאָנירען, וויל ער האט גערעדט גאנץ גוט ענגליש, אבער ער האט אונז אויך בעדיענט ביים עסען. מען האט אונז געגעבען א גרויסען לאבען ברויט, וועלכען איך וואלט אויף קיין פאל ניט געקענט צו שניידען מיט מיין פעדער מע־סער, אונזער אפיציער—לאקיי האט צושניטען דעם לאבען ברויט מיט זיין שווערד, קורץ און שארף.

ביים עסען האט מיסיס סיימאָנס געפרעגט אונזער וועכטער, איך מיין אונזער לאקיי:

— דענקט חאדשי סטאווראָס ווירקליך צו נעהמען פאר אונז אויסקויפס געלד?

— געווים, מאדאם!

— קען ער גאר ניט דיא ענגלענדער? וויים ער גאר נים אז ענגלאנד איז דאס שטארקסטע לאנד אויף דער וועלט און אז דיא קעניגין וויקטאריא וועט ניט ערלויבען, אז מען זאל בעליידיגען אן ענגלענדער?

— ער וויים עס זעהר גוט, איך וויים עס אויך, האט דער רויבער געענטפערט גאנץ רוהיג.

— ווען ער וויים עס, דאן מעג ער עס דאך וויסען, אז ער וועט פון אונז

קיין פעני קריעגען, דיא קעניגין וויקטאָריא וועט שיקען איהר גאנצע פלאָטע אום מיך צו בעפרייען.

— חאדשי סטאווראָס וויים דערפון, האט דער רויבער געזאָגט רוהיג, און וויל ער וויים דערפון, האט ער מיר געהייסען אייך זאָגען, אז ער וועט ווארטען ביז דען 13טען מאי פונקט 12 אוהר ביי טאג.

— און ווען ער וועט דאן ניט בעקומען דאס אויסקויפס געלד? האט מיסיס סיימאָנס נעפרעגט.

— דאן וועט ער מוזען איבערשניידען דעם האלז אייך און אייער טאכטער, האט דער רויבער געענטפערט גלייכגילטיג.

מערי—ענן איז געווארען בלייך, וויא קאלך, און דאס שטיקעל ברויט, וואס זיא האט געהאלטען, איז ארויסגעפאלען פון איהרע הענד.

— גיט מיר א ביסעל וויין, האט זיא געבעטען.

דער רויבער האט אנגעגאָסען א ביסעל וויין אין א לעהמענעם קריגעלע און האט איהר גאנץ העפליך דערלאנגט. קוים אבער האט דאס אונגליקליכע מערכען גענומען דעם וויין צו דיא ליפען, האט זיא זיך פערקרימט און האט איהם צוריק געשטויסען פון זיך מיט שרעק און עקעל. איך האב גענומען דאס קריגעלע וויין און האב עס אויסגעטרונקען מיט אמאָל.

— עס איז פעך, האב איך איהר ערקלערט, זיי שמיערן אויס דעם לאָגעל מיט פעך, אום דער וויין זאָל זיך בעסער האלטען, דערפאר האט דער וויין אזא זאָנדערבארען געשמאק, ער איז אבער ניט פערגיפטעט.

— חאדשי סטאווראָס וויל ניט פערגיפטען זיינע געפאנגענע, האט דער רויבער ערקלערט.

זיין ערקלערונג האט אבער וועניג געהאָלפען, מיסיס סיימאָנס און איהר טאכטער האבען מעהר ניט געוואָלט זיך צו ריהרען צום וויין. איך האב מיר אנגענאָסען נאך א קריעגעלע און האב איהם אויסגעטרונקען, ניט ווייל איך האב געוואָלט טרינקען, זאָנדערן ווייל איך האב געוואָלט מיך אנטרינקען מיט מוטה, מיט קוראזש, מיט ענערגיע, גלייך וויא איך וואָלט פאָראויס געזעהן, אז איך וועל באלד הערן א טרויעריגע נאכריכט.

— הערר דאקטאָר, האט דער רויבער געזאָגט צו מיר, ווען איך האב אויסגעטרונקען, דאס צווייטע קריעגעלע וויין. הערר דאָקטאָר, איך האב בעפעהל אייך צו מעלדען, אז איהר האט צייט דרייסיג טעג צו בעצאהלען דיא פינפצעהן טויזענד פראנק.

**דאן האט ער זיך געווענדעט צו אונז אלעמען און האט געזאָגט:**

— איך האב נאך א בעפעהל, איך זאל אייך פערזארגען מיט אלעס, וואָס איהר וועט פערלאנגען. איך וועל אייך באלד ברענגען פאפיער און שרייב געצייג, ווייל איך דענק, אז דאָס דארפט איהר יעצט אם נעטהיגסטען.

— איך דאנק אייך! האט מאדאם סיימאנס געזאָגט שטאָלץ, איך בין זיכער אז מען וועט אונז שוין בעפרייען פון אייך פיעל פריהער, וויא איהר דענקט.

— ווער וועט אייך בעפרייען, מאדאם? האט דער רויבער געפרעגט.

— ענגלאנד! דיא קעניגין וויקטאָריא וועט שיקען אלע איהרע קריעגסשיפען אום מיך און מיין טאָכטער צו בעפרייען.

— ענגלאנד איז ווייט פון דאנען, האט דער רויבער געזאָגט. וויא צו זיך אליין.

— דאן וועלען דיא גריעכישע זשאנדארמען אונז בעפרייען! האט מאדאם סיימאָנס אויסגערופען.

— אויף דיא גריעבישע זשאנדארמען קענט איהר ניט האפען, האט דער רויבער געענטפערט.—אלענפאלס זאָגט מיר אויב איהר פערלאנגט עפּעס.

— ווייזט מיר מיין שלאף צימער! איך בין מיעד אונד וויל מיך אויסרוהען, האט מאדאם סיימאנס אויסגערופען.

— מיר האבען נור היילען אין דיא בערג, האט דער רויבער, איך מיין אונזער לאקיי, ערקלערט, אין דיעזע היילען האלט מען אין ווינטער צייט ציעגען און שאף זיי האבען דאהער קיין בעזאָנדערס אנגענעהמען גערוך, אבער מען קען דאָרט שלאָפען רוהיג; ווען איהר ווילט, מאדאם, קען איך אייך אנווייזען איינע פון דיעזע היילען, וואו איהר וועט קענען שלאָפען גאנץ רוהיג. ווען איהר וועט אבער געפי־נען אז דער גערוך איז דאָרט צו שטארק, קען איך אייך מאכען א געצעלט פון צווייגען דאָ, וואו איהר געפינט זיך יעצט.

— איך מוז האבען א דיענסט מעדכען!

— דאס קענען מיר אייך פערשאפען. איך וועל הייסען מיינע מענשען, זיי זאלען געהן אין א דאָרף און פאנגען דיא ערשטע בעסטע בויערן פרוי, וועלכע זיי וועלען געפינען.

— איך מוז אבער האבען קליידער, וועש, א שפיעגעל, א בעט, וואו צו שלאָפען א וואנגע, גוטע זייף און.... האט זיך מאדאם סיימאָנס נעקאכט.

— מאדאם פאָדערט צו פיעל, האט דער רויבער געענטפערט גאנץ רוהיג, ווען מיר זאָלען וועלען אייך פערשאפען אלע דיעזע זאכען, וואָלטען מיר געמוזט

אפנעהמען, דיא שטאדט אטהען, און דאס קענען מיר ניט. פערלאנגט, מאדאם, אלעם וואס מיר קענען אייך פערשאפען און איך וועל עס פערשאפען, איידער דיא זשאנדארמען פון אטהען וועלען קומען אייך בעפרייען. איך קען אייך נור אזוי פיעל זאגען, אז אויף דיא זשאנדארמען קענט איהר ניט האפען.

— גאט זאל אונז העלפען! האט מערי—ענן געמורמעלט.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א טיפע באס שטימע זינגען:

— גאָט זאל זיך אויף אונז דערבארמען!

איך האב מיך אומגעקוקט און דערזעהן דעם אלטען גייסטליכען פון דעם מאָנאסטיר, וואו מען האט אונז געפאנגען. ער איז צו געקומען צו אונז לאנגזאם, האט זיך עטליבע מאל איבער געצלם׳ט און האט אניעדער געשטעלט פאר אונז א שיעסעל מיט פרישען האניג.

— עסט, מיינע שוועסטער און ברידער! האט ער האט געזאגט מיט זיין טיעפער באס שטימע און האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל,—עסט, מיינע פריינד! מיינע ביענען שיקען אייך אן ערפרישונג.

איך האב איהם געדריקט דיא האנד. מאדאם סיימאָנס און איהר טאָכטער האבען זיך אוועק געקעהרט פון איהם מיט צאָרן און עקעל. אין דער וואהרהייט אבער איז דיעזער אלטער גייסטליכער געוועזן א גאנץ גוטער מענש. ער האט קיין זאך ניט געלערנט און האט געוואוסט נור זיין געבעט בוך, האט ליעב געהאט זיינע ביענען און פלעגט זיך נור זאָרגען, אז זיין מאָנאסטיר זאל האבען גענוג פון אלעם, וואָס ער דארף.

איך האב מיך מיט איהם צורעדט אין זיין שפראך און מיר זיינען באלד געוואָרען גוטע פריינד. ער האט אויסגעטרונקען דעם גאנצען וויין פון לאָגעל און איז געוועזן העכסט צו פריעדען, וועניגסטענס ער האט מיר ערקלערט, אז דאס איז עכטער סאנטאָרין וויין און דערצו נאָך א גוטער וויין. איך האב איהם גוט אויסשטודירט און געפונען, אז ער איז א וואהרער בויער, א דאָרפס מאן אין פולען זינן פון דיעזעם וואָרט. ער האט קיין אידעע געהאט פון פאָליטיק, פון געשיכטע, אדער פון וועלט קענטניסע. ער איז אויפגעוואקסען אין דיעזע בערג און האט גע־קענט נור דיעזע בערג. ער האט ניט זעהר ליעב געהאט דיא רויבער, אבער אזוי וויא זיי פלעגען שענקען פיעל געלד פאר זיין מאָנאסטיר, פלעגט ער בעטען גאט פאר זיי, אזוי וויא ער פלעגט בעטען גאט, פאר זיינע ביענען.

קוים איז אבער דער אלטער גייסטליכער געבליעבען ביי אונז איינינע צייט, האבען דיא רויבער אנגעהויבען זיך צו פערזאמלען ארום אונז. איינינע זיינען

געקומען צום אלטען גייכטליכע; און איהם געבעטען, ער זאל זיי בענשען: אנדע־רע זיינען געקומען קוקען אויף אונז, בעזאָנדערס אויף מערי—ענן, ווייל אזא שעהנ־הייט האבען זיי געוויס נאך קיין מאל ניט געזעהן אין זייערע בערג דאס האט מיך פערדראסען און איך האב זיי געזאָגט גאנץ ערנסט, אז ווען זיי זאָלען זיך ניט אוועק געהן און אונז ניט לאָזען צורוה, וועל איך מיך בעקלאגען ביים קעניג.

דאס האט געהאָלפען. זיי זיינען זיך צוגאנגען און מיר זיינען ענדליך געבליע־בען אליין. איך זאָג מיר, ווייל איך מיין דעם רויבער אָפיציער, וועלכען האדשי סטאווראָס האט געשיקט אום אונז צו בעדיענען, אין דער וואהרהייט אבער אום אונז צו בעוואכען. — מיר זיינען געווען זעהר מיעד און האבען געמוזט זיך לעגען אויסרוהען.

— מאדאם, האב איך געזאָגט צו מיסיס סיימאָנס, מאדאם, מיר זיינען ענד־ליך געצוואונגען צו וואוינען אונטער איין דאך, ווען איהר ווילט, וועלען מיר עהרליך און ברידערליך זיך צו טהיילען מיט אונזער וואוינונג. איך וועל מיר מאכען מיין געצעלט אונטער יענעם בוים און וועל אייך איבער לאָזען דאס גאנצע פלאץ מיט דעם קוועלענדיגען וואסער פון בערג.

מאדאם סיימאנס האט געמאכט א ביטער זויערע מינע און האט מיר נעגע־בען צו פערשטעהן, אז איך דארף געהן שלאָפען מיט די מענער, דאס הייסט, מיט די רויבער. איך וואָלט איהר געפאָלגט, אבער אינזער וועכטער האט אונז געגע־בען צו פערשטעהן אז ער פערלאנגט, אז איך זאל בלייבען ניט ווייט פון די דאמען, ווייל חאדשי סטאווראָס האט איהם געהייסען וואכען איבער אונז.

עס איז אלזאָ אזוי געבליעבען. איך האב מיר אָבגענומען א קווארטיר אונ־טער א ביימעל ניט ווייט פון דעם אריינגאנג צו אונזער האָטעל. מאדאם סיימאָנס און איהר טאָכטער האבען אפגענומען דעם גרעסערן פלאץ לעבען דער קוועלע.— באלד האט מען אויך געבראכט צוויי געצעלטען פאר אונז, א גרויסע שטיק גאנץ גראָבעס ליינוואנד אויפגעהאנגען אויף א שטאנג איז געווען דאס גאנצע געצעלט. עס זיינען געקומען פיער רויבער, וועלכע האבען אריינגעשלאגען פלעקער אין דער ערד און האבען אויפגעהאנגען די געצעלטען. ווען די געצעלטען זיינען שוין גע־ווען פערטיג, האט מען געמאכט פאר אונז בעטען. יעדעס בעט איז בעשטאנען פון א ניט אויסגעארבייטעטעס פעל פון אן אָקס, אויסגעשפרייט אויף דער ערד, און אויף דיעזעס פעל א שטיק פון זעהר אלטען, גראָבען טעפיך (קארפעט).

אונזערע געצעלטען און אונזערע בעטען זיינען באלד פערטיג געווארען און

יעדער האט זיך אריינגעצווינגען אין זיין קווארטיר. איך האב געפרעגט אונזער וועכטער, וואו ער וועט שלאָפען, ווייל איך האב זעהר ניט געוואָלט האבען איהם פאר א קאמעראד אין מיין געצעלט. און ער האט מיר געענטפערט, אז ער וועט שלאָפען צווישעןביידע געצעלטען, אבער נעהנטער צו מיר.

אזוי איז פערגאנגען אונזער ערשטער טאג אין לאגער פון׳ם קעניג דער בערגע.

נענען זעקס אוהר פאר נאכט איז דער קעניג אליין געקומען פרעגען, אויב מיר האבען אלעס, וואס מיר דארפען, אויב עס פעהלט אונז עפּעס. מאדאם סיימאָנס איז אויפגעשפרונגען און האט געשריען:

— איך האב גאָר נישט! עס פעהלט מיר אלעס! אזוי בעהאנדעלט מען אן ענגלענדערין? איך וועל עס דערצעהלען אונזער מיניסטער! איך וועל מיך בעקלאגען ביי דער קעניגין וויקטאָריא...... איך וועל......

חאדשי סטאווראָס האט איהר ניט געענטפערט. איך האב איהם געבעטען, ער זאָל אנזאגען, אז קיינער זאָל ניט אריינקומען אין אונזער לאגער און ער האט מיר צוליעב געטאָהן. נענען 7 אוהר האט מען אונז געבראכט אונזער נאכט עסען. אזוי וויא עס איז שוין געוואָרען פינסטער, האט מען אונז בעלייכטעט מיט פיער לאנגע דינע שטיקער האלץ איינגעטונקט אין פעך.

איך האב מיך צו געקוקט צו מיין שעהנער נאכבארין, מערי—ענן, און האב געזעהן מיט שמערץ און טרויער, אז זיא איז בלייך, וויא קאלך. דאס רויטע ליכט פון דעם ברענענדען האָלץ האט געוואָרפען א טרויעריג רויטען שיין אויף אונז אלעמען. מיר האבען זעהר ווייניג געגעסען, ווייל מיר זיינען אלע געווען שרעקליך מיעד: פאָריגע נאכט האבען מיר ניט געשלאפען א גאנצע נאכט, דערפאר האבען מיר געהאט א זעלטענע מוזיק: ניט ווייט פון אונז צווישען די ביימעלעך האט געזונגען א נאכטיגאל זיינע בעסטע, זיינע זיסעסטע מוזיק.

נאכ׳ן עסען זיינען מיר געגאנגען שלאָפען. איך בין אניעדער געפאלען אויף מיין בעט און האב באלד פערגעסען אלעס אין דער וועלט: חאדשי סטאוראָס, אונזער וועכטער, מיסיס סיימאָנס און זאָגאר די נאכטיגאל. איך בין אניעדער געפאלען, וויא א דערהרגעטער און בין באלד אנטשלאָפען געוואָרען.

וויא לאנג איך האב געשלאָפען, ווייס איך ניט, איך ווייס נור, אז פּלוצלונג האב איך דערהערט קראכען, קנאקען און שיעסען איך בין אויפגעשפרונגען, וויא

אן אפגעבריהטער, און האב מיר צו ישלאָגען דעם קאפּ אין פלאָקען פון מיין גע־צעלט. אין דיעזע מינוט האב איך געהערט דיא דאמען שרייען:

— דיא זשאנדארמען! מיר זיינען גערעטעט! דיא גאנצע ארמעע איז גע־קומען אונז רעטען!

איך בין ארויסגעלאפען פון מיין געצעלט און האב געזעהן עטליכע געשטאל־טען, וויא שאטענס, ארומלויפען. דיא נאכט איז געווען א העלע, דיא לבנה האט צוואר ניט געשיינט, אבער מילליאָנען שטערן האבען געגלענצט און געפינקעלט אויפ'ן בלויען, ריינעם הימעל. דיא ערשטע געשטאלט, וועלכע איז מיר ענטגעגען געקומען איז געווען אונזער וועכטער.

— אהא! האב איך אויסגערופען, מען איז געקומען אונז בעפרייען! דיא זשאנדארמען זיינען דאָ!

— איהר האט אטעות, הערר דאָקטאר, האט דער רויבער געזאגט גאנץ רוהיג,—דיא זשאנדארמען קומען ניט אין אונזערע בערג, דאס שיעסען מיינע קא־מעראדען, וייל מארגען איז דער ערשטער מאי און דיא הימעל פאהרט קריסטי, אלזאָ א דאָפּעלטער פייער טאג.

— עס איז א ליגען! האט מאדאם סיימאָנס געשריען, דאס זיינען דיא זשאנדארמען! איך בין אַן ענגלענדערין און דיא ענגלישע רעגיערונג האט עס גע־שיקט סאָלדאטען מיך בעפרייען.

— מאדאם, איך זאָג אייך נאך אמאל, אז דאס שיעסען אונזערע קאמעראדען עס איז יעצט נאך האלבע נאכט און זיי וועלען יעצט עסען פלייש און טרינקען וויין. ווען איהר ווילט, קומט מיט מיר, וועט איהר זעהן, וויא אזוי מען איז פרעהליך ביי אונז אין דיא בערג.

— לאָמיר געהן זעהן, וואס דאָרט איז האט מערי—ענן געבעטען.

אונזער וועכטער האט אונז צוריק געפיהרט צו דעם אָרט וואו מען האט אונז געהאלטען דיא פאָריגע נאכט,—אין דער מיט פון לאגער. דאָרט האט זיך מיר פארגעשטעלט א בילד וועלבעס איך וועל אייביג ניט פערגעסען. אין דער מיט לאגער האבען געברענט עטליכע גרויסע פייערן, אויף וועלכע עס האבען זיך געבראטען גאנצע שעפּסען און קעלבער. ארום יעדען פייער זיינען געזעסען פינף, זעקס ביז צעהן ווילדע געשטאלטען און האבען געגעסען, געטרונקען און געשאָסען. ליבען יעדען זיינען געשטאנען עטליכע לאָגעל וויין, וויא שאמפּאניער אויף א טיש פון א רייכען מאן, וועלכער גיט א באלל פאר א מיניסטער.

ווען מען האט אויפגעגעסען איין קאלב, האט מען געבראכט אנאנדערן

און מען האט איהם אפגעהאקט דעם קאָפּ מיט א שווערד, שנעל אפגעשונדען, אויפגעשטעקט אויף א שפּיז און איהם גלאזען בראטען. עס איז אויך געווען מר זיק, וועלכע איז בעשטאנען פון א גרויסער פויק און א קלאפּער, אסארט המן קלע־פּעריל, וועלכער האט פערטויבט דיא אויערן. ווער עס האט מעהר ניט געוואָלט עסען, דער האט זיך אויפגעהויבען און האט געשריען, געברוסט געהיילט און געטאנצט.

איך האב קיין מאל ניט געזעהן קיין שד און קיין טייפעל, אבער וויא אלטע ביכער און אלטע ווייבער דערצעהלען, טאנצען, שפּרינגען און דרעהן זיך נור דיא טייפעל אזוי, וויא חאדשי סטאווראס באנדע האט יעצט געטאנצט.

אויף א שטיין העכער פון אלעמען איז געזעסען חאדשי סטאווראָס, דער קעניג אליין, און האט צוגעקוקט, וויא זיינע קינדערלעך אמוזירען זיך, וויא יעדער ניט א ביס א שטיק פלייש, פערטרינקט עס מיט וויין און שיעסט אויס. ער אליין אבער האט ניט נעגעסען און ניט געטרונקען.—ווען ער האט אונז דערזעהן, האט ער אונז צוגערופען צו זיך, האט אונז גאנץ העפליך געבעטען זיצען און האט זיך ענטשולדיגט, וואָס זיינע מענשען האבען געשטעהרט אונזער שלאָף. דאס מאָל האט ער שוין מיך געבעטען, איך זאָל איבערגיבען מאדאם סיימאנס און איהר טאָכטער זיינע ענטשולדיגונג. ווען איך האב עס געטאָהן און האב איהם ערקלערט, אז מאדאם סיימאָנס איז זעהר בייז, וואס מען האט איהר ניט געלאָזען זיך אויס־שלאָפען, האט זיך געווענדעט צו מיר און האט געזאָגט גאנץ ערנסט און פריינדליך:

— איך בין ניט שולדיג און איך קען מיר ניט העלפען, עס איז א אלטע זיטע (מנהג) צו פייערן דעם ערשטען מאי מיט שיעסען, קנאקען, עסען, טרינקען און טאנצען. איך האב צו טוהן מיט גראָבע, אונגעבילדעטע מענשען. וואס פער־שטעהן דיעזע מענשען פון דער אייראפּעאישער ציוויליזאציאָן? — דאס רויבער געשעפט איז אין אלגעמיינען זעהר שלעכט איינגעריכטעט: עס נעהמען זיך דערצו נור גראָבע ווילדע מענשען. אמאל פלעג איך דענקען, אז נור גראָבע מענשען, נור אונוויסענדע מענשען קענען זיין גוטע רויבער און מערדער, אבער זייט איך האב געדייזט אויף דער וועלט און בין געווען אין דיא גרעסטע שטעדט פון אייראָפּא, וויא לאָנדאָן, פּאריז, וויען און בערלין, וואו איך האב געזעהן וויא אינזשעניערען ווערן גאנץ גוטע באנקרויבער, מיניסטאָרען זיינען גרויסארטיגע גנבים, געלערנטע, דאָקטאָרען און פּראָפעסארען רויבען, מאָרדען, גנבענען און טוהען אלעס בייז אזוי פיין, אזוי גלאט, אזוי עלעגאנט און אזוי העפליך, אז עס איז א פערגניגען צו זעהן

און צו הערן; זייט איך האב מיך צו געקוקט צו אייער ציוויליזירטער וועלט, זיינען מיר געקומען נייע געדאנקען אין קאָפּ.

ער האט זיך אפּגערוהט איינינע מינוט, גלייך וויא ער האט געוואָלט זיך איבערלעגען, וויא אזוי מיר איבער צו געבען זיינע נייע געדאנקען, דאן האט ער געזאָגט:

— ווען איך זאָל זיין א ביסעל אינגער, וואלט איך ארגאניזירט דאס רויבער געשעפט אויף א גאנץ אנדערע פּרינציפּען. איך וואָלט אויפגענומען נור געבילדע־טע מענשען, נור מענשען, וועלכע קענען פיעלע שפּראכען און פיעלע וויסענשאפּ־טען. איך וואָלט זיי געהייסען מאכען א צענזוס, פאָלקסצעהלונג, מען זאָל וויסען, וויא פיעל יעדער איינוואוינער פון אונזער לאנד פערמאָגט און וויא פיעל ער קען צאהלען א יאהר. איך וואָלט געהאלטען אגענטען ביי דער גרענעץ און אין דיא פארטשטעדט. ווען עס קומט א פרעמדער, זאלען זיי איהם אויספרעגען, ווער ער איז, מיט וואס ער בעשעפטיגט זיך און וויא פיעל ער פערמאָגט. דאן וואָלט איך געוואוסט וויא פיעל צו נעהמען ביי יעדען. יעצט וויים איך עס ניט און נעהם ביי איינעם צו פיעל און ביי איינעם צו ווענינ. ווען מיינע אגענטען זאלען מיר אבער אלעס מעלדען, וואָלט איך געוואוסט גאנץ גענוי וויא פיעל צו נעהמען ביי יעדען. איך וואָלט זאָגאר איינגעפיהרט א טאקסע, וועלכע מען דארף צאהלען נור איין מאל, ווער עס בעצאהלט דיעזע טאקסע, דער בעקומט א לייסענס, א שיין, אז ער מעג ארומפאהרען א גאנץ יאהר פרייא און זיכער.

— אָבער דיא רעגיערונג? דאס פּארלאמענט? דיא מיניסטארען? האב איך געפרעגט, וואלטען זיי דאס ערלויבט?

— נעוויס! וואס הייסט א פּארלאמענט? — געוועהלטע פון פאָלק, איך קען מאכען, אז מען זאל נור וועהלען מיינע מענשען אין פּארלאמענט איך קען מאכען, אז נור מיינע מענשען זאלען ווערן מיניסטאָרען.

— אָבער דיא פרעסע? דיא צייטונגען? האב איך געפרעגט.

— דיא פרעסע? דיא צייטונגען? ווייסט איהר דען ניט אז אלע צייטונגען פון גריעכענלאנד זיינען אונטער געקויפט פון מיר? ווייסט איהר דען ניט, אז זיי שרייבען נור, וואס איך הייס זיי? לאָמיך מיר לאָזען קאסטען נאך א פּאָאר מיל־ליאָן פראַנק און דיא צייטונגען וועלען מיך מאכען פאר א היילינען און וועלען שרייען אין איין קול, אז חאדשי סטאווראס איז דער גרעסטער, דער בעסטער און דער נאָבעלסטער מאן אויף דער וועלט. מען וועט זאָגאר שרייען, אז מען זאל מא־כען א נייעם מיניסטעריום און צוואר א מיניסטער פון רויב און מאָרד, און גלויבט

מיר, יעדער גרעק װעט װעלען זיין דיעזער מיניסטער.—דאן װאָלט איך אויך גאנץ אנדערס בעהאנדעלט מיינע געפאנגענע. איך װאלט געהאט פאר זיי שעהנע געבייר דען װירקליכע האטעלס, װאו א זעלבע דאמען, װיא דיעזע — ער האט געװיעזען אויף מאדאם סיימאנס מיט איהר טאָכטער—װאלטען געקענט האָבען שעהנע, רייר כע עלעגאנטע צימער מיט בעדיענונג, װיא אין דיא גרעסטע האטעלס פון פאריז און לאנדאן. איהר מיינט פיעלייכט, אז עס װאלט זיי געקאָסט טהייער?—ניין! עס װאלט זיי געקאָסט פיעל בילליגער, װייל מיר װאלט געקאסט אלעס בילליגער, װיא אנאנדערן.

ער איז געבליעבען שטיל און האט מיך בעטראכט איינינע מינוט, פלוצלונג האט ער געזאָגט:

— איך װאונדערט געװיס, פאר װאס איך רעד מיט אייך אזוי פריי און אזוי אפענהערציג פון מיינע געשעפטען, אזוי בין איך שוין און אזוי װעל איך בלייר בען. איך בין געװאוינט צו לעבען אויף דער פרייער לופט, אין דער פרייער נאטור. מיין בעשעפטיגונג איז א פרייע, אָפענע. איך פעראכטע דעם רויבער, װעלכער בעהאלט זיך און רויבט שטילערהייט, אז קיינער זאָל ניט װיסען. דאס איז א שאנדע, דאס איז אַן ערניעדריגונג. איך פיער מיין געשעפט פריי און אָפען. װען איהר װעט לעזען אין א צייטונג, אז מען זוכט מיך, זאָלט איהר װיסען, אז דאס איז א ליגען: מען װייס גאנץ גוט, װאו איך בין. אלע גענעראלען קענען מיך, שעצען מיך און אכטען מיך, דיא גאנצע ארמעע האט טיף ליעב. װאו נעהם איך דען מיינע מענשען? זיי זיינען אלע אויסגעדיענטע אדער ניט אויסגעדיענטע סאָלדאטען.

ער האט זיך אויפגעשטעלט אין דער הויף און שטאלץ, װיא א קעניג, האט ער אויסגערופען:

— אלע קענען מיך, אלע ליעבען מיך, עס איז ניטאָ איין פרוי אין גאנץ גריעכענלאנד, װעלכע זאָל זיך ניט װינשען צו האבען א זוהן, װיא חאדשי סטאװראָס.

מיינע ליעבע לעזער, איהר מעגט פון מיר לאכען, װיא פיעל איהר װילט. איך זאָג אייך אבער, אז איך האב בעװאונדערט און בעטראכט מיט שטוינען דיעזען מאן, װיא ער איז געשטאנען הויך, שטאָלץ, הערליך צװישען דיא װילדע רויבער און שיין פון דיא רויטע פייערן. איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב אויסגערופען:

— איהר זייט װירקליך א קעניג!

ער האט זיך אנידערגעזעצט אויף זיין שטיין און געזאגט מיט א שמייכעל:

— איהר חנפעט מיך, אבער דאס מאכט ניט אויס. איך בין א נטער מענשען קענער און קען לעזען זייערע געדאנקען פון זייערע געזיכטער. היינט אין דער פריה האט איהר מיך בעטראכט אלס דעם ניעדעריגסטען רויבער און האט מיך געשיקט צו אלע טייפעל, יעצט קענט איהר מיך בעסער און פערשטעהט מיך.

איך האב געזעהן, אז ער איז בעזאנדערס פריינדליך געגען מיך און האב מיר ערלויבט צו רעדען מיט איהם פריי און אפען ווענען מיך אליין.

— מיין העררר, האב איך געזאגט צו איהם, וויא איהר האט צו מיר גערעדט אזוי פריי, אזוי אפען און אזוי פריינדליך, וויל איך אויך רעדען מיט אייך פריי און אפענהערציג. איהר פערלאנגט פון דיזע דאמען צוויא הונדערט טויזענד פראנק, דאס איז גאנץ רעכט: זיי זיינען רייך און קענען עס געבען, פאר וואס אבער פערלאנגט איהר פון מיר פונפצעהן טויזענד פראנק, ווען איהר ווייסט, אז איך בין ארים און בין ניט אים שטאנד צו צאהלען אזא סומע געלד.

— הערר דאקטאר, דאס איז נעשעפט. איהר זאגט מיר, אז איהר זייט ארים, איך גלויב אייך, אבער איהר פאהרט דאך ניט אויף אייערע קאסטען, מען האט אייך געשיקט אהער און מען בעצאהלט אייערע רייזע קאסטען. אומזיסט האט מען אייך ניט געשיקט, אומזיסט גיט מען קיינע רייזע קאסטען, אומזיסט קען מען קוים בעקומען א טרונק וואסער. ווען מענשען האבען אייך געשיקט אהער און לאזען זיך קאסטען פיער ביז פינף טויזענד פראנק א יאהר, ברענגט איהר זיי געוויס איין פונפציג ביז זעכציג טויזענד פראנק א יאהר, ווען איך פערלאנג פון זיי פונפצעהן טויזענד פראנק, איז עס גאנץ ריכטיג, עס וועט זיי נאך בלייבען דרייסיג—פיערציג טויזענד פראנק.

איך האב פראבירט איהם ערקלערען, אז מיך האט געשיקט א געלערנטע געזעלשאפט וועלכע האט קיין געלד, ביי וועלכער יעדער גראשען איז אויסגערעכענט, אז איך בין נאך אזוי יונג, אז איך האב נאך ניט פיעל רייכע פריינד, וועלכע זאלען זיך אננעהמען פאר מיך, ער האט מיר אבער געענטפערט קורץ און שארף:

— צו וואס טויג עס אייך אזוי פיעל צו רעדען? איך האב איין מאל געזאגט פונפצעהן טויזענד פראנק און וועל ניט אראפלאזען א סאנטים. מען וועט מיר בע־

צאהלען דיזע סומע דעם 31טען מאי אדער איך וועל הייסען אייך איבערשניידען דעם האלז.

איך האב א ציטער געטאָהן ביי דיזע ווערטער.

— שרעקט אייך ניט אזוי, האט ער מיך בערוהיגט, עס איז נאך קיין גע־פאהר, אין אייראָפּא ווייס מען צו שעצען דיא וויסענשאפט, איהר זייט א גע־לערנטער, א דאָקטאָר, און עס וועלען זיך שוין געפינען גוטע פריינד, וועלכע וועלען שוין בעצאהלען פאר אייך. — יעצט נעהמט שלאָפען, איך זעה, אז מיינע מענשען ווארפען אויגען אויף דיא שעהנע ענגלענדערין און איך מוז זיא בעשי־צען געגען זיי.

איך האב מיך אומגעקוקט און האב געזעהן, אז חאדשי סטאווראָס האט פאלקאסען רעכט און איך האב געזאָגט צו דיא דאמען, אז עס איז שוין שפעט און צייט צו געהן שלאפען. עס איז אויך געווען דיא העבסטע צייט אוועק צו געהן פון דער בעטרונקטער באנדע. חאדשי סטאווראָס האט געהייסען איינעם פון זיינע מענשען געהן פאר אויס, איך מיט דיא דאמען זיינען געגאנגען אין דער מיט און חאדשי סטאווראס איז געגאנגען הינטער אונז אלס וועכטער און בעשיצער.

— עס איז היינט א גרויסער פייערטאג, האט ער מיר געזאָגט אויפ'ן וועג איך מוז זיי לאָזען אביסעל אויסלארמען.

ווען מיר זיינען צו געקומען צו אונזערע געצעלטען האב געזאָגט צו מיסיס סיימאָנס:

— איך האב מיט אייך עפּעס צו רעדען, איך קען עס אָבער ניט יעצט, ווייל אונזער וועכטער פערשטעהט ענגליש, ווען איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך צו קומען צו אייער געצעלט, ווען ער וועט אנטשלאָפען ווערן.

— איך האב קיינע סעקרעטען מיט אייך, האט זיא מיר געענטפערט שטאָלץ ווען איהר ווילט מיר עפּעס זאָגען, קענט איהר עס מיר זאָגען יעצט.

איך האב איהר ערקלערט, אז איך קען עס איהר יעצט ניט זאָגען, ווייל מען בעוואכט אונז און מען הערט זיך געווים צו צו יעדעם וואָרט, וואָס מיר רעדען זיא האט ענדליך איינגעוויליגט. צום גליק, האט זיך חאדשי סטאווראָס געלעגט פאר דעם אריינגאנג פון אונזער לאגער און האט געהייסען אונזער וועכטער שטעהן אויף דער וואך לעבען איהם. ער האט גאנץ גוט מורא געהאט, אז זיינע רויבער זאלען ניט בעליידיגען דיא שעהנע ענגלענדערין דאן וועט ער פערליערן

דאס אויסקויף געלד. אזוי וויא דער וועכטער איז געווען טויט שיכור, איז ער באלד אנטשלאָפען געוואָרען.

עס האט שוין אנגעהויבען צו טאָגען, ווען איך בין צו געקומען צו דיא דאַמען. זיי האבען אויף מיר געווארט.

— נו, שנעל, מיין העדר! זאָגט, וואס איהר ווילט אונז זאָגען, האט מיסיס סיימאָנס געזאָגט שטאָלץ.

— מאדאם, ווילט איהר פריי ווערן אין דרייא — פיער טעג? האב איך געפרעגט.

— איך וועל פריי זיין מאָרגען! האט דיא ענגלענדערין אויסגערופען שטאָלץ, מען וויס שוין, אז מיר זיינען געפאנגען און איך בין זיכער, אז דער ענגלישער געזאנדטער האט שוין געפאָדערט, אז דיא גאנצע גריעכישע ארמעע און דיא גאנצע גריעכישע פאליציי געהט שוין אונז זוכען און אונז בעפרייען.

— מאדאם רעדט אייך ניט איין קיין פיינעלעך און האפט ניט אויף דיא פּאָליציי אדער אויף דיא ארמעע. ווענט איהר אייך אליין ניט העלפען, וועט אייך קיינער ניט העלפען. איהר ווייסט נאך גאָר ניט, אין וועמעס הענד איהר זייט ארייגעפאלען, דאס איז חאדשי סטווראָס, דער קעניג פון דיא בערג.

— געוויס ווייסט איהר בעסער, אין וועמעס הענד מיר געפינען זיך, האט מיסיס סיימאָנס געזאָגט מיט א ביטערען שמייכעל, איהר זייט אויך איינער פון דער באנדע. איך האב דאך געזעהן, וויא איהר האט נור וואס אוועק גערעדט מיט איהם צוויא שטונדען נאך אנאנד אויף זיין טייפלישע שפּראכע. מיינט איהר הערר דייטש, אז איך פערשטעה ניט, אז איהר און דימיטרי און דער אלטער גייסטליכער זייט אונטער געקויפט פון דעם רויבער, דעם באנדיט, וויא הייסט ער!......חאדשי..... סטא....

— מאדאם, מיר האבען ווענינ צייט צו רעדען, ווילט איהר מיך אויסהערן?

— נו זאָגט, וואס ווילט איהר פון מיר?

— געהערט אייער מאן צו דעם באנק געשעפט בראדלי ענד קאָמפ.?

— מיין מאן איז דער שעף פון דער באנק, האט מיסיס סיימאָנס געזאָגט שטאָלץ, מיין מאן האט אפגעקויפט דיא פירמא בראדלי ענד קאָפ.

— דאן שרייבט איהם באלד, ווען עס וועט נור טאָג ווערן, אז ער זאל צו שיקען אהער 215,000 פראנק, צוויא הונדערט טויזענד פאר אייך און פונפצעהן טויזענד פאר מיר. ווען דאָס געלד וועט אנקומען, זאלט איהר פאררערן א

קוויטונג. חאדשי סטאווראָס האט געלד אין אייער מאנס באנק. ווען אייער מאַן וועט האבען דיא קוויטונג, וועט ער איהם אפּרעכענען דיא גאנצע סומע, ער וועט זיא אפציהען פון זיין קאָנטאָ.

— גוד ביי, הערר דייטש! איך האב מיט אייך מעהר ניט וואָס צו רעדען! האט מיסיס סיימאנס געזאָגט שטאָלץ און איז ארייננגעגאנגען אין איהר געצעלט.

איך האב געמוזט צוריק געהן אין מיין געצעלט. איך האב מיך אניעדער געלעגט אויף מיין געלעגער און האב פּראָבירט אנטשלאָפען ווערן, אבער דאס איז געווען אונמעגליך. איך האב גאנץ גוט געוואוסט, אז קיינער וועט ניט וועלען געבען פאר מיר דיא פונפצעהן טויזענר פראנק און חאדשי סטאוואָראָס וועט מיך ניט שוינען. מיינע געדאנקען האבען מיך ניט געלאָזען שלאָפען, אויסער־דעם זיינען דיא פלעה געוואָרען בעזאָנדערס הונגעריג גאנץ פריה, — פיעלייכט האבען זיי פערלאנגט זייער פריהשטיק, — און האבען מיך געביסען אונבארמ־הערציג.

איך האב געמוזט מיך אויפהייבען און ארומשפּאציערן אין לאגער. דער לארם פון דיא רויבער האט ענדליך אויפגעהערט. זיי זיינען אלע געווען טויט שיכור און זיינען געשלאָפען, וויא דיא געהרגעטע. מיר איז געקומען אין קאפּ דער גע־דאנק, איך זאל בענוצען דיעזע געלעגענהייט און זאל אנטלויפען. איך האב מיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האב געוואָלט צו געהן צו דעם אָרט, וואו עס האט זיך געפונען דער וועג פון לאגער. קוים אבער האב איך געמאכט איינינגע שריט, איז א הויכער, שטארקער און ווילדער רויבער אויפגעשפּרונגען און האט א געשריי געטאהן:

— וואוהין גֶעהסט דוא?

— איך געה זוכען בלומען און גראָזען, האב איך געענטפערט.

— שפּעטער, ווען מען וועט עס דיר ערלויבען, האט ער געזאָגט פעסט.

איך האב מיך אומגעקעהרט אין אונזער לאגער, האב מיך אניעדער גע־זעצט אויף א שטיין און האב פּראָבירט שלאָפען. ענדליך בין איך איינגעשלאָ־פען, מיין שלאָף אבער האט ניט לאנג געדויערט. מיך האט אויפגעוועקט א בעזאָנדערעס זינגען און קלינגען. איך האב מיך אויפגעחאפּט און האב א קוק געטאָהן אויף מיין אוהר. עס איז געווען א פיערטעל נאך צעהן.

איך בין געגאנגען זעהן, וואָס עס טוהט זיך אין לאגער און וואס מען זינגט דארט. ווען איך בין צו געקומען צום קעניגליכען פּאלאץ, דאס הייסט, צום גרויסען בוים, וואו חאדשי סטאווראָס פלעגט אָפּנעהמען דעם ראפּאָרט פון זיינע

מיניסטאָרען, האט זיך מיר פאָרגעשטעלט א סצענע, וועלכע איך וועל ניט פער־געסען אין מיין לעבען לאַנג. אונטערן בוים איז געשטאַנען אן אלטאר, אויף וועל־כען עס איז געלעגען א גרויסעס געבעט בוך. דער אלטער גייסטליכער פון מאָ־נאסטיר איז געשטאנען אָנגעטאָהן אין דיא רייכסטע קליידער פון א גריעכישען גייסטליכען און האט געבעטען גאט, ווי אין א קירכע. ארום איהם זיינען געשטאנען אדער געלעגען אויף דיא קניע אלע רויבער און האבען געבעטען גאָט, וויא גאַנץ פרומע קריסטען.

נעבען גייסטליכען איז געשטאנען חאדשי סטאווראָס מיט א געבעט בוך און האט גאנץ ערנסט געזאָגט קאפיטלעך תהלים און אנדערע געבעטע. ווען ער האט מיך דערזעהן האט ער מיר געגעבען א ווינק, איך זאָל צו קומען צו איהם און האט מיר זאָגאר געוויזען וואו מען האלט יעצט אין בעטען.

איך בין געבליעבען שטעהן, וויא א פערשטיינערטער, איך האב ניט גענ־לויבט מיינע אויגען. חאדשי סטאווראָס מיט זיינע רויבער האבען געבעטען גאנץ ערנסט, האבען זיך געשלאָגען אין הערצען, האבען געשריען, געוויינט און געבעטען גאָט, ער זאָל זיי פערציייהען זייערע זינד. איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב געפרעגט זיך אליין:

— וועמען ווילען זיי דען אפנארען?

דאס געבעט האט געדויערט ביז מיטאג. מען האט געמאכט אלע צערעמאָ־ניען, וויא אין א גאנץ רייכער קירכע, מען האט געבעטען אזוי ערנסט און אזוי פרום, אז מען וואָלט געקענט מיינען, אז דאס איז א פערזאמלונג פון היילינע.

ווען דאס געבעט האט זיך געענדיגט, האט מען זיך ווידער גענומען צום עסען און טרינקען. דער אלטער-גייסטליכער האט געטרונקען מיט אלעמען צו גלייך, אבער ער האט עס ניט געטאָהן אומזיסט, ווייל נאך דעם געבעט האט יעדער איהם עפעס געגעבען. זאָ ווייט איך האב געקענט בעמערקען, האט יעדער איהם געגיבען א זילבערנע מטבע.

חאדשי סטאווראָס איז צוגעגאנגען צו מיר און האט מיר געזאָגט:

— שרייבט אייערע בריעף, ווייל דיא פאָסט געהט באלד אוועק.

איך האב מיך געזעצט שרייבען און האב אָנגעשריעבען דרייא בריעף, איינעם צום פרייסיישען געזאנדטען, איינעם צו דשאן הערריס און איינעם צו מיין פריינד דעם פראָפעסאָר אין בערלין, וועלכער האט אויסגעווירקט פאר מיר דיא שטעלע אין גריעכענלאנד.

איך האב ניט געוואוסט, אז מיסיס סיימאָנס האט אויך געשריעבען איהרע בריעף אין דערזעלבער צייט, ווייל איך האב געשריעבען אין קעניגליכען פאלאץ, דאס הייסט, אויף דעם שטיין, וואו חאדשי סטאווראס שרייבער האבען געסטערן געשריעבען, זיא אבער האט געשריעבען איהרע בריעף אין איהר געצעלט.

ווען אונזערע בריעף זיינען פערטיג געוואָרען, איז,אנגעקומען דער פאסטיל־ליאָן, א רויבער מיט א פלאַכער בלעכענע שאכטעל. מען האט ארייננעלעגט אלע בריעף אין שאכטעל, חאדשי סטאווראָס האט זיא פערשלאָסען און האט צוגענומען דעם שליסעל צו זיך. וויא אזוי מען האט געעפענט דיא שאכטעל ווען מען האט זיא איבערגעגעבען, און ווער מען האט זיא איבערגעגעבען, ווייס איך ניט. איך ווייס נור, אז דער פאסטילליאָן איז אוועק געגאנגען מיט דיא בריעף אין א פער־שלאָסענער שאכטעל.

---

5טעם קאפּיטעל.

## דיא זשאנדארמען.

עס זיינען פערגאנגען צוויא לאנגע, טרויעריגע, לאנגווייליגע טעג, דאס הייסט, פיער טעג זייט מען האט אונז געפאנגען. איך האב גאנץ גוט געוואוסט אז קיינער וועט פאר מיר ניט בעצאהלען דיא פונפצעהן טויזענד פראנק און איך האב מיר געבראכען דעם קאָפּ און געזוכט א מיטעל, וויא צו אנטלויפען. איך האב בעטראכט אונזער לאַגער און האב געפונען, אז דער אָרט, וואו אונזערע געצעל־טען געפינען זיך איז אפען פון איין זייט גלייך צום קעניגליכען פאלאץ, דאס הייסט, צום גרויסען בוים, וואו חאדשי סטאווראָס האלט אפּ זיינע בעראטהונגען מיט זיין באנדע, און פון דיא איבעריגע דרייא זייטען איז ער אַרומגערינגעלט מיט שטיינער. פון יענער זייט פון דיעזע שטיינער איז געווען א טיעפער אפגרונד, אריבער געהן איבער דיא שטיינער איז געווען אונמעגליך, פיעלייכט אבער קען מען געפינען א מיטעל אונטער צו גראָבען דיא שטיינערנע וואַנד?

איך האב געזוכט און געפונען: אין איין אָרט איז אונטער דיא שטיינער געווען נור ווייכע ערד. וויא עס ווייזט אויס, פלעגט אמאָל דאס וואסער פון דער קוועלע אראָפּלויפען אין אפּגרונד. דיא רויבער האבען עס פערשטעלט און פער־שאָטען מיט ערד, און האבען געמאכט א גראבען פאר דעם וואסער, עס זאל אפּ־פליעסען אין זייער לאגער.

— ווען איך זאָל וויעדער עפענען דאס לאָך פאר דעם וואסער? האב איך געזאָגט צו זיך אליין. מיר דאכט, אז אין צוויי—דריי שטונדען קען איך עס טהאָן. אום דיא רויבער זאָלען עס ניט בעמערקען, וועל איך דאָרט אויפהענגען מיין וועש, אָדער איך וועל בעטען מיסיס סיימאָנס, זיא זאל דאָרט אויפהענ־גען איהרע קליידער טריקענען.

אזוי וויא איך האב געלערנט מאטהעמאטיק, האב איך גענוי אויסגערעכענט, וויא פיעל ערד איך דארף אוועק נעהמען און וויא פיעל צייט עס דארף ביי מיר דויערן. יעצט האט זיך מיר געשטעלט דיא פראגע: וואָס וועל איך טאָהן, ווען איך וועל שוין ארויסקומען פון יענער זייט? — איך האב נאכגעזעהן, זיך גוט צוגעקוקט און געפונען, אז דיא וואנט איז ניט גאנץ גלייך, עס געפינען זיך אויסגעשטרעקטע שטיקער שטיין, אויף וועלכען קען זיך שטעלען, עס וואקסען דארט ביימעלעך, אין וועלכע מען קען זיך אנהאלטען, עס וואקסען הויכע גראָזען, אן וועלכע מען קען זיך אָנחאפּען, קורץ, עס איז געווים א שווערע אויפגאבע אראָפּ צו קלעטערן פון אזא וואנט, אָבער עס איז ניט אונמעגליך.

איך האב דערצעהלט מיין פּלאַן מיסיס סיימאָנס און מערי—ענן. צום ערש־טען מאל, זייט איך האב מיך מיט זיי בעקענט. האבען זיי מיך אויסגעהערט אויפ־מערקזאם און מערי—ענן האט זאָגאר געזאָגט:

— עס קען זיין, אז מיר האבען אטעות געהאט, איהר זייט ווירקליך א בראַ־ווער מאן און ווילט אונז רעטען.

מיר האבען אלעס אפּגערעדט און מערי—ענן האט זאָגאר בעטראכט אלעס און האט געפונען, אז זיא קען זיך אונטערנעהמען אראָפּ צו קלעטערן פון דיעזער וואנט.

— און איך? האט פלוצלונג מיסיס סיימאָנס געפרעגט, מיינט איהר אז איך וועל ריזיקירען מיין לעבען און וועל קלעטערן אויף דיא גלייכע וואנט? — אייער פּלאַן טויג ניט, מיין הערר, איך זאָג אייך נאך אמאל, אז נור דיא פּאָליציי און דיא ארמעע קענען אונז רעטען. איך בין אן ענגלענדערין, דיא קענינין וויקטאָריא..

אין דיעזע מינוט האבען מיר געהערט א לאַרם אין לאגער פון דיא

רויבער. איך בין נעלאָפען זעהן, וואָס דארט איז, און האב געפונען, אז אלע רויבער זיינען בעוואפנעט פון קאָפּ ביז אין דיא פיס און שטעהן פערטיג אנגעגרייט.

— דאָס איז שוין עפּעס נייעס האב איך מיר געטראכט.

אין דיעזע מינוט איז אנגעלאָפען אן אפּנעריסענער יונגע און האט אויס־געדופען:

— דיא זשאַנדארמעריע קומט!

— וויא פיעל זיינען זיי? האט חאדשי סטאווראָס געפרעגט.

— א גאנצער באטאליאָן איז געווען דיא אנטוואָרט.

— וואס פאר א נומער האבען זיי אויף זייערע היטע?

— איך וויים ניט, איך קען ניט לעזען.

— בלייבט רוהיג! האט חאדשי סטאווראָס קאמאנדירט.

באלד איז געקומען א צווייטער בויער און האט געמעלדעט, אז דיא זשאַנ־דארמעריע איז שוין גאָר ניט וויים.

— איז קאפּיטאן פעריקלעס דאָ מיט זיי? האט חאדשי סטאווראָס געפרעגט.

— איך קען איהם ניט, איז געווען דיא אנטוואָרט.

קוים האט ער ארויסגערעדט דיעזע ווערטער, האט מען געהערט א שאָס פון א ביקס.

— שא! האט געזאָגט חאדשי סטאווראָס און האט ארויסגענומען זיין אוהר. מען האט אויסגעשאָסען נאָך אמאָל און נאך אמאָל, פיער מאל נאכאנאנד, דאס לעצטע מאל האבען דרייא ביקסען מיט אמאָל אויסגעשאָסען. האדשי סטאוו־ראָס האט אריינגעלעגט זיין אוהר אין קעשענע און געזאָגט רוהיג:

— דאס איז קאפּיטאן פעריקלעס. גרייט אן סמירנא־ווין אין גוטען פריהשטיק.

אין דיעזע מינוטע האט ער מיך דערזעהן שטעהן פון דער וויטען און ער האט אויסגערופען:

— קומט נעהנטער, הערר דאָקטאָר, איהר וועט אויך טרינקען מיט אונז א בעכער ווין.

איך בין צוגעגאנגען נעהנטער און האב מיך געשטעלט נעבען חאדשי סטאוו־ראָס. איינינע מינוטען שפּעטער איז א הויכער שעהנער אפיציער צו געקומען צו חאדשי סטאווראָס, האט איהם ארומגענומען און האט זיך מיט איהם צו קושט.

איך האב איהם באלד דערקענט, ווייל איך האב איהם געזעהן עטליכע מאל אין אטהען און מען האט מיר געזאגט, אז ער האט א הויכען ראנג (טשין).

— וואס מאכט איהר, אנקעל ? האט ער געפרעגט חאדשי סטאווראס,

— גאנץ גוט, און וויא געהט עס דיר ? האט חאדשי סטאווראס גע־ענטפערט.

— איהר זעהט דאך, אנקעל, איך בין געזונד,

— און וואס מאכט דיין פאמיליע ?

— מיין אנקעל, דער ארכי יעריי איז עפעס ניט געזונד, ער האט פיעבער.

— שיק איהם צו מיר איך וועל איהם אויסקורירען.—און וואס מאכט דער פאליציי דירעקטאר ? ער איז קראנק געוועז.

— עס געהט איהם בעסער, האט דער אפיציער געענטפערט,—ער לאזט דיך גריסען, דער מיניסטער לאזט דיך אויך גריסען.

— האסט דוא עפעס בריעף פאר מיר ?

— יא, אט זיינען זיי.

מיט דיעזע ווערטער האט דער אפיציער ארויסגענומען א פאק בריעף פון בוזים און האט עס דערלאנגט חאדשי סטאווראס.

— האסט דוא א בריעף פון אנלאיא ?

— ניין. איך האב געמוזט אוועק געהן אין דער איילע, אז איך האב קיין צייט געהאט צו ווארטען אויף איהר בריעף: זיא האט מיר געזאגט, אז זיא וועט דיר שרייבען מיט דער פאסט.

אין דיעזע מינוט האט ער מיך דערזעהן און האט געפרעגט :

— ווער איז דער ?

— א דייטשער דאקטאר איז פערבלאנזעט געווארען אין אונזער לאגער, האט האדשי סטאווראס געענטפערט רוהיג.—האסט דוא עפעס נייעס פאר מיך ?

— אן ענגלישע באנק שיקט צעהן טויזענד פונט נאך ארגאס, וואו מען בויט דיא נייע אייזענבאהן. מארגען וועלען זיי פערביי געהן דיא שטיינער פון סיראקא.

— גוט ! איך וועל דארט זיין, האט חאדשי סטאווראס געזאגט. וויא צו זיך אליין.

— דאס געלד געהט אבער מיט א קאנוואי פון צוויא ראטעס סאלדאטען ? האט דער אפיציער בעמערקט.

— דאס מאכט ניט אויס. איך וועל מיט נעהמען אלע מיינע מענשען, האט

חאדשי סטאוואָרס געזאָגט,—אין דער צייט וואס איך וועל ניט זיין אין דער היים, וועסטו אָפּהיטען מיינע געפאנגענע.

— איך וועל יָעס טאָהן מיט פערגניגען, איך מוז אייך אבער זאָגען, אז אייערע ענגלענדערינען האבען אויפגעריהרט דיא וועלט. זיי האבען געשריעבען צו זייער געזאנדעטען און ער פּאָרדערט, אז דיא גאנצע ארמעע זאָל געהן דיך זוכען, האט דער אָפיציער געמעלדעט.

— לאָזען זיי מיך זוכען, האט חאדשי סטאוואָרס געלאכט.

— איך מוז אבער מעלדען דעם מיניסטער, אז איך האב מיך געשלאָגען מיט אייך, אָנקעל, איך מוז זאָגאר אָנשרייבען א ראפּאָרט, אז איך האב אייך צו טריעבען, וויא מען צוטרייבט א העערדע (סטאדא) שעפּסען.

— צו וואָס מוזט דוא עס, פעריקלעס?

— ווייל איך וויל בעקומען א מעדאיללע און דעם ראנג (טשין) פון אן אָבערסט (פּאָלקאָווניק).

— נון, דאס וועסט דוא בעקומען א ביסעל שפּעטער.

— מין, אָנקעל, איך מוז עס טאָהן יעצט, ווייל דער ענגלישער געזאנדעטער איז אויסער זיך. דוא ווייסט דאָך, אז אונזערע מיניסטאָרען האבען מורא פאר ענגלאנד.

חאדשי סטאוואָרס האט זיך פערטראכט און האט געטראכט איינינע מינוט דאן האט ער געזאָגט:

— נון, לאָז זיין אזוי, וויא דוא ווילסט, לאמיר זיך שלאָגען.

— דאן וועל איך מוזען דערשיעסען איינינע פון מיינע מענשען, האט פעריקלעס ערקלערט, איך קען דאך ניט ברענגען צוריק מיין גאנצע ראָטע.

— צו וואָס זאָלסט דוא זיי טייטען?—לאָז זיי איבער בייא מיר, איך דארף יעצט רעקרוטען.

— דאס איז אויך רעכט. איך קען דיר רעקאָמענדירען מיין לייטענאנט ספּירא, ער האט געענדיגט א מיליטער שולע און קען דיר צו נוץ קומען. בייא אונז האט ער ניט וואס צו טאָהן, ער קריעגט נור 80 פראנק א מאנאט, דאס איז צו ווענינ פאר איהם, בייא דיר וועט ער געווים מעהר פערדינען.

מען האט אלעס אפּגערעדט און מען האט זיך גענומען צו טרינקען. איך האב מעהר ניט געהאט וואס צו טאהן דאָ און בין געגאנגען צו מיינע דאמען.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה זיינען דיא רויבער פערשוואונדען געוואָרען

און אויף זייער אָרט זיינען געקומען דיא גריעכישע זשאנדארמען, פעריקלעס האט געהייסען אויפציהען דיא פאהן פון גריעכענלאנד אין דער הויף אונד דיא זשאנ־דארמען האבען זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד און האבען אנגעהויבען צו עסען און צו טרינקען.

ווען מיסיס סיימאָנס מיט איהר טאכטער זיינען אויפגעשטאנען אין דער פריה און האבען דער זעהן דיא גריעכישע פאהן און דיא זשאנדארמען, האבען זיי אנגעהויבען צו טאנצען פאר פרייד און זיינען געלאָפען אין לאגער.

מיסיס סיימאנס איז צו געלאָפען צום שעהנעם אָפיציער, האט איהם ארומ־גענומען און האט אויסגערופען:

— איך האב געוואוסט, אז איהר וועט קומען אונז בעפרייען, איך בין אן ענגלענדערין און ענגלאנד נעהמט זיך אן פאר איהרע בירגער.

— געוויס! געוויס! האט קאפיטאן פעריקלעס געענטפערט אויף ענגליש.

— איהר האט זיך מיט זיי געוויס געשלאָגען? איהר האט זיי אלע פער־ניכטעט? האט מיסיס סיימאָנס געפרעגט נייגיעריג.

— אָה! זיי זיינען אנטלאָפען פאר מיר, וויא דיא לעמער, ווען זיי דערשמע־קען א וואָלף, האט זיך דער קאפיטאן בעריהמט.

— און מיר זיינען פרייא?

— געוויס!

— קענען מיר פאהרען נאך אטהען?

— געוויס!

— אלזאָ לאָמיר שוין פאהרען! האט מיסיס סיימאנס אויסגערופען.

— דאס איז אונמעגליך, מאדאם, האט דער אפיציער געענטפערט גאנץ רוהיג, מיר מוזען ווארטען, ביז עס וועלען אנקומען נאך סאָלדאטען.

אין דיעזע מינוט איז מערי—ענן צו געקומען צו אונז.

— ענדליך, מערי—ענן, זיינען מיר פריי! האט מיסיס סיימאָנס אויסגע־רופען, דאנק דיעזען אָפיציער מערי—ענן! ער האט פערטריעבען דיא רויבער און מיר זיינען פריי.

מערי—ענן האט זיך פערנייגט פאר דעם שעהנעם אפיציער.

— שטעלט אייך פאָר, הערר קאפיטאן וויא שלעכט דיעזע רויבער האבען אונז בעהאנדעלט, האט מיסיס סיימאנס ווייטער געזאָגט, — זיי האבען ביי אונז אלעס צוגענומען.

— אלעס ? האט פעריקלעס איבערגעפרענט, זיי האבען אייך גאר ניט איבערגעלאָזען ?

— זיי האבען אונז שפעטער צוריק געגעבען, האט מיסיס סיימאנס ערקלערט.

— דאן ניט מיר אלעס, וואס איהר האט נאך.

— וואס איז דאס ?—צו וואס דארפט איהר אונזערע זאכען ? האט מיסיס סיימאָנס געפרעגט פערוואונדערט אונד ערשטוינט.

— איך מוז אייך בעשיצען און דארום דארפט איהר מיר איבערגעבען אלעס, וואס איהר האט נאך ביי זיך.

— איך קען אָבער ניט בלייבען אָהן אן אוהר ! איך מוז וויסען דיא צייט.

— נו, מאדאם, עס וועט מיר שטענדיג פערשאפען פערגניגען אייך צו זאָגען וויא פיעל אוהר עס איז.

מערי—ענן האט דאביי בעמערקט, אז עס איז איהר אונאנגענעהם אויסצוטאָהן איהרע דיאמאנטענע אויערינגלעך.

— נו, מיסס, איהר זייט זעהר שעהן אויך אָהן דיאמאנטענע אויעררינגלעך, האט דער העפליכער אפיציער געענטפערט.

— מיר קענען אבער דאך ניט אוועק געבען אלע זאכען, האבעןביידע דאמען אויסגערופען מיט אמאָל.

— מיינע ליעבע דאמען, מיר וועלען מאכען א ליסטע פון אלע זאכען, וועלבע איהר וועט מיר איבערגעבען, איך מוז האבען דיעזע ליסטע, וויל איך מוז אלעס איבערגעבען. איהר פערשטעהט דאך מיינע ליעבע דאמען, אז מיר סאָלדאטען, מוזען זיין פינקטליך. מיר מוזען מאכען א ראפּאָרט און אלעס בעשרייבען.—ביטע, מיסס, נעהמט מיין האנד און לאָמיר צו געהן צו אייער געצעלט, וואו איהר וועט מיר אלעס איבערגעבען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אנגענומען מערי—ענן אונטערן ארים און האט זיא געפיהרט אין איהר געצעלט.

איך בין געשטאנען,—וויא אויף הייסע קוילען, מיין געדולד האט ענדליך גע־פּלאצט. איך בין צו געגאנגען צו איהם און האָב געוואלט עפּעס זאָגען, ער האט אבער פערשטאנען, וואס עס קאכט זיך אין מיר, און ער האט געלאָזען דיא דא־מען און האט זיך געווענדעט צו מיר.

— איך האב מיט אייך עפּעס צו רעדען, האט ער געזאָגט צו מיר.

ער האט מיך צוגעפיהרט צום גרויסען בוים, וואו חאדשי סטאווראָס פלעגט זיך בעראטהען מיט זייגע מיניסטאָרען, און האט מיך געפרעגט:

— איהר רעדט ענגליש?

— יא.

— פערשטעהט איהר אויך גריעכיש?

— יא.

— דאן זייט איהר צו א גרויסער געלערנטער און איך מוז מיך מיט אייך ערקלערן. ווען חאדשי סטאווראָס רעדט פון זיינע געשעפטען פריי און אָפען מיט אייך, איז עס קיין וואונדער, ער איז דאָ א קעניג און מעג טאָהן וואס ער וויל, איך אבער וויל ניט, אז א פרעמדער זאל פלוידערן פון מיינע געשעפטען.

— דענקט איהר אז איך וועל שווייגען?

— איך דענק גאָר נישט, איך ווייס, אז קיינער וועט פאר אייך ניט בעצאה־לען דאס אויסקויף געלד און איהר וועט ניט געווים ארוים געהן לעבעדיג פון דאנען, אין פאל אבער איהר וועט דאָך צוריק קומען לעבעדיג נאך אטהען, ראטה איך אייך צו האלטען דאס מויל. אן אלטעס גריעכישעס שפריכוואורט זאָגט, „דאס מויל מאכט, אז מען זאָל אפהאקען דעם קאָפּ.“ איך דענק אז איהר פער־שטעהט מיך.

— האס הייסט, איהר דראהעט מיר, אז איהר וועט מיך טייטען?

— איך דראהע אייך ניט, איך ווארן אייך אלס פריינד, האט קאפּיטאן פעריקלעס געזאָגט פינסטער, מיר קענט איהר וועניג שאדען מיט אייער פלוידערן, ווייל מען קען מיך גאנץ גוט אין מיינע סאָלדאטען וועלען שווערן פאר מיר, אייך אָבער קען עס קאסטען דער קאָפּ. יעצט פערשטעהט איהר מיך?

— איך פערשטעה אייך גאנץ גוט.

— ווען איהר וועט קומען נאך דייטשלאנד, מעגט איהר דערצעהלען, שרייבען, דרוקען און טאָהן, וואָס איהר וועט וועלען, דאָרט ארט מיך ניט, ווייל קיינער וועט אייך ניט גלויבען. זאָלאנג אָבער איהר וועט זיין אין גריעכענלאנד, מוזט איהר האלטען מויל.

— איך וועל עס מיר איבערלעגען, האב איך געענטפערט.

— איידער איהר וועט עס איבערלעגען, געפין איך פאר נעהטיג אייך אָפּ־צוגעבען אנאנדער קווארטיר.

מיט דיעזע ווערטער האט ער צוגערופען אן אונטער אָפיציער און האט איהם

געהײסען ער זאָל מיך אוועק פיהרען אין אנאנדער זײט פון לאַגער און זאל שטע־לען לעבען מיר א וואך, פון צווייא סאָלדאטען, וועלכע זאָלען מיך בעוואכען טאג און נאכט.

ערשט יעצט האבען זיך אנגעהויבען מיינע לײדען. ביז אהער האב איך ווע־נינסטענס געשלאָפען אונטער א געצעלט און האב פון צייט צו צייט געקענט זעהן מערי—ענן, יעצט האב איך געמוזט שלאָפען און פערברענגען דעם טאג צווישען דיא סאלדאטען אונטער דעם פרייען הימעל און צווישען ארמעען פון מיל־ליאָנען און מילליאָנען זעקס פיסינע, קליינע פיינד, וועלכע האבען מיך בושטעב־ליך אויפגענעסען. איך האָב ערשט יעצט פערשטאנען, אז חאדשי סטאווראָס האט אונז בעהאנדעלט מענשליך, וויא א דשענטלמען, וויא א קעניג יעצט אָבער בין איך געווען א געפאנגענער, אבער אין קיין געפענגניס און דאך טויזענד מאל ערגער, וויא אין דעם שרעקליכסטען קאזעמאַט.

איך האב צוואר געמענט ארומגעהן, קוים אבער האב איך געוואלט צו געהן צו דיא דאמען, האט מען מיך אנגענומען ביי ביידע הענד און מען האט מיך אויסגעדרעהט; האב איך געוואָלט געהן א ביסעל ווייטער, האט מען אויסגע־שטרעקט א פאָאר ביקסען געגען מיר און איך האב געמוזט מיך אומקעהרען.

מיינע נייע ליידען האבען געדויערט צווייא טעג און צווייא נעכט. דעם דריט־טען טאג געגען מיטאג איז חאדשי סטאווראס מיט זיין באנדע צוריק געקומען, אבער וויא אזוי? אלע זיינען געווען בעדעקט מיט שטויב, מיט שמוץ, מיט בלוט, שווארץ פון רויך, אפגעריסען, אייניגע צו בלוטיגט. סאָפאָקלעס איז געווען פער־וואונדעט אין דער פלייצע און האט געהיילט, וויא א הונד פאר שמערץ. דער רויבער, וועלכער האט בעוואכט מיך און דיא דאמען, האט געטראגען דיא רעכטע האנד אין פערבלוטיגטער בונדע.

דער איינציגער, וועלכער איז געבליעבען רוהיג און קאלט בלוטיג, איז געווען חאדשי סטאווראָס. ער האט גאנץ רוהיג און געלאסען דערצעהלט, אז זיין אונ־טערנעהמען איז דאס מאל ניט געראָטהען און אז פיעלע פון זיינע מענשען זיינען געפאלען אין דער שלאכט מיט דיא סאלדאטען. אויך פינף פון זיינע נייע רעקרו־טען, דיא געוועזענע סאָלדאטען פון פעריקלעס באטאליאָן, זיינען געבליעבען טויט אויפ'ן שלאכט פעלד.

פעריקלעס האט זיך אנגעחאפט ביים קאפ און האט געשריען, וויא א ווילדעס טהיער:

— וואס האט איהר געטאָהן? פאר וואס האט איהר ניט אוועק גענומען די טויטע?

— מיר האבען ניט געקענט, האט חאדשי סטאווראָס געענטפערט רוהיג, מען האט אונז ערווארטעט, די אייזענבאהן קאָמפאניס זיינען זייער פארזיכטיג, אויסער די סאָלדאטען, וועלכע האבען בעוואכט די קאסא, האט די אייזענבאהן קאָמפאני נאָך ארויסגעשיקט איהרע ארבייטער. מיר האבען געקעמפפט וויא די פערצוויפעלטע, עס האט אבער גארניט געהאלפען: מען האט אונז צו שלאָגען און מיר האבען געמוזט אנטלויפען, עדער וואו זיינע אויגען האבען איהם געוויעזען.

— איך בין פערלארען! האט פעריקלעס געבראָכען די הענד, מען וועט דערקענען מיינע סאלדאטען, בעזאָנדערס לייטענאנט ספירא, וועלכער איז גוט בעקאנט אין אטהען. וואָס וועל איך דאן קענען ענטפערן, ווען מען וועט מיך פרעגען, וויא קומען מיינע סאלדאטען צווישען די רויבער?

— איך זעה גאָר ניט, צו וואס דו דארפסט צוריק געהן נאָך אטהען? האט חאדשי סטאוורואס געפרעגט גאַנץ ערנסט, בלייב ביי מיר מיט דיין גאנצען באטאַליאָן, דוא וועסט ביי מיר מעהר פערדיענען, וויא אין אטהען.

— ניין, אָנקעל, דאס וועסט דוא מיר ניט איינרעדען, האט פעריקלעס געזאָגט שטאָלץ, איך מוז צוריק נאָך אטהען! איך וועל שוין עפּעס אויסטראכטען און מיך שוין אויסדרעהען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער א ווינק געטאָהן צו זיין טאמבור מאזשאָר, וועלכער האט באלד אנגעהויבען צו פויקען אלארם (טרעוואָגא). יעצט ערשט בין איך פריי געוואָרען פון מיינע פיינינער איך בין געלאָפען צו מערי—ענן.

— נון, וואס הערט זיך? קענען מיר שוין פאהרען נאך אטהען? האט מיסיס סיימאָנס געפרעגט.

— אך מאדאם! איהר ווייסט גאָר ניט, וויא פאלש, וויא ניעדערטרעכטיג דיעזער אָפיציער האט אייך פערראטהען. ער האט ביי אייך אלעס צוגענומען און—זעהט!

איך האב איהר געוויעזען, וויא פעריקלעס שטעהט און רעדט מיט חאדשי סטאווראָס און וויא זיי צו קושען זיך צום אבשיעד.

מיסיס סיימאָנס איז אויפגעשפרונגען, וויא אן אָפגעבריהטע זיא האט געטאנצט אן געשפרונגען פאר צאָרן און פערדרום.

— עס ארט מיך ניט מיין געלד, עס ארט מיך ניט מיינע ברילליאנטען, עס קרענקט מיך, וואס איך האב איהם ארומגענומען און האב נאך געהייסען מיין טאָכטער, זיא זאָל איהם געבען דיא האנד. איך בין אן ענגלענדערין און קען מיך מיט גראפען, מיט פירסטען און מיט פרינצען, און איך זאָל ארומנעהמען א רויבער און א מערדער! דאס קען איך ניט פערשווייגען. איך וועל עס דער־צעהלען לאָרד פאלמערסטאן! איך וועל מיך בעקלאָגען ביי קעניגין וויקטאריא, איך וועל......

איך האב זיא געלאָזען זיך אויסרעדען און זיך אויסשרייען, וויא פיעל זיא האט אליין געוואָלט. ווען זיא האט זיך א ביסעל בערוהיגט, האב איך געזאָגט צו איהר:

— נון, יעצט זעהט איהר שוין אליין, מאדאם, אז אויף דיא זשאנדארמען און אויף דאס גריעכישע מיליטער קען מען זיך ניט פערלאָזען, אלזא מוזען מיר זיך אליין העלפען.

— יעצט זעה איך, אז איהר זייט א דייטש, האט מיסיס סיימאָנס געשריען ניט מיט איהר קול, ווען איהר זאלט זיין אן ענגלענדער, וואלט איהר שוין אונז לאנג בעפרייעט און איך וואָלט אייך געגעבען מיין טאָכטער צור פרוי.

איך בין רויט געוואָרען, וויא א מאָהן בלומע, און האב געשוויגען.

— דענקט איהר, אז עס איז ניט ווערטה צו הייראטהען מיין טאָכטער? האט מיסיס סיימאָנס ווייטער געשריען, וואָס איז? איז זיא ניט שעהן? ניט רייך? ניט גוט ערצויגען? — מיר געפינען זיך אין א נויט און ווער עס וועט אונז בעפרייען פון דיעזע רויבער, דעם וועל איך געבען מיין טאָכטער צור פרוי.

— אבער הערט מיך אויך אויס, מאדאם, איך האב א פּלאַן, וויא אזוי אונז אלע דרייא, צו בעפרייען אין דרייא—פיער טעג.

— וואס איז דאָס פאר א פּלאַן?

— אייער מאן געהערט צו דער פירמא בראדלי ענד קאָמפּ.?

— געוויס! דיא גאנצע פירמא געהערט איהם.

— דאן שרייבט צו אייער ברודער, ער זאָל באלד צו שיקען דיא צוויא הונדערט פונפצעהן טויזענד פראנק, וועלכע איהר וועט איבערגעבען חאדשי סטאווראָס און וועט פון איהם פערלאנגען א קוויטונג אויף דיעזע סומע. ער וועט אייך געבען און מיר וועלען פאהרען נאך אטהען. ווען מיר וועלען שוין זיין זיכער, וועט אייער מאן צושיקען צו חאדשי סטאווראָס א רעכנונג אז זיין פרוי

האט איהם פערזענליך איבערגעגעבען צוויא הונדערט און פופצעהן טוי־זענד פראנק. דיעזעס געלד וועט ער אראפציעהען פון חאדשי סטאווראס׳ רעכנונג.

— בראוואָ! איהר זייט ווירקליך א בראוועד מאן און איהר וואלט געמענט זיין אן ענגלענדער, האט מיסיס סיימאנס אויסגערופען, פאר וואס אבער האט איהר עס מיר פריהער ניט געזאגט.

— אבער, מאדאם, איהר האט דאך מיר קיין מאל ניט געלאזען זיך אויסרעדען!

— איהר האט עס אבער געדארפט זאָגען.

— וויא אזוי? ווען איהר האט מיך ניט געלאזען אויסרעדען?

— איהר האט מיר געדארפט אלעס זאָגען.

מערי—ענן האט א קוק געטאָהן אויף מיר און האט געגעבען א ווינק, איך זאל מעהר ניט שפארען זיך מיט איהר מוטער. אין איהר בליק איז געווען אויס־געדריקט דיא פייערינסטע ליעבע און דיא עדעלסטע ביטע, איך בין געווען, וויא עלעקטריזירט. איך בין יעצט געווען איבערצייגט אז זיא ליעבט מיך.

אין איינינע מינוט האבען מיר אלעס אפגערעדט און מיר זיינען געגאנגען צו חאדשי סטאווראס איהם בעטען, ער זאל אונז געבען פאפיער און שרייבצייג ער האט אונז אויפגענומען זייער אונפריינדליך און האט געזאגט גאנץ בייז:

— מאדאם, ווען איהר וועט ווידער שרייבען, אז מען זאָל שיקען סאלדאטען צו אונז, וועל איך הייסען אייך מיט אייער טאָכטער איבערשניידען דעם האלז. איך דארף געלד אבער קיינע סאלדאטען.

— דאס מאָל וויל איך שרייבען, אז מען זאל מיר שיקען געלד, איך וויל אבער א קוויטונג אויף מיין געלד.

— א קוויטונג? האט חאדשי סטאווראס אויסגערופען, איך גיב קיינעם קיין קוויטונג!

אזוי וויא מאדאם סיימאָנס האט גערעדט נור ענגליש און חאדשי סטאווראס נור גריעכיש, האב איך געמוזט זיין דער דאלמעטשער און האב שוין גערעדט, וואס איך האב געוואלט. איך האב ערקלערט חאדשי סטאווראס, אז אזוי ווערען אפגעמאכט געשעפטען, ווען מען נעהמט געלד ניט מען א קוויטונג.

חאדשי סטאווראס האט אבער ניט געוואלט וויסען פון א קוויטונג און האט מיר געענטפערט, אז ער מאכט געשעפטען, וויא ער פערשטעהט, ניט וויא דיא וועלט פיהרט זיך.

איך האב געמוזט שווייגען, אבער איך האב עס ניט געזאָגט מיסיס סיי־מאָנס. ווען ער האט אונז געפיהרט צו זיין שרייב צימער, האב איך געזאָגט צו איהם:

— איהר טהוט זעהר גלייך, וואס איהר ווילט ניט געבען א קוויטונג. איהר האט מורא. עס קען דאָך זיין, אז מען זאל אייך אמאָל חאפּען, דאן קען אזא קווי־טונג זיין א בעוויז געגען אייך.

דאס האט געהאלפען. חאדשי סטאווראָס איז אויפגעשפּרונגען און האט אויסגערופען:

— איך האב מורא? איהר האט א טעות, הערר דאקטאר! אייך אויף צו להכעיס וועל איך געבען א קוויטונג. איך וויל אייך ווייזען, אז איך האב פאר קיי־נעם קיין מורא.

— איך האב געמיינט, אז איהר האט מורא, האב איך מיך פער־ענטפערט.

ער האט אונז געגעבען פאפּיער און שרייבצייג און מיסיס סיימאָנס האט אנגעשריעבען א בריעף צו איהר ברודער, ער זאל איהר באלד שיקען א טשעק אויף צוייא הונדערט און פונפצעהן טויזענד פראנק און צוואר צווייא הונדערט טויזענד פראנק פאר זיך מיט איהר טאכטער און פונצעהן טויזענד פראנק פאר מיך.

דער בריעף איז אנגעשריעבען געווארען און פערזיגעלט געווארען מיט חאדשי סטאווראָס׳ זיגעל און איז אויך באלד אוועק געשיקט געוואָרען. חאדשי סטאווראָס האט געהאט א גוטע פאָסט.

יעצט האט זיך אנגעהויבען פאר מיר א גליקליכע צייט. איך בין געווען אויפ׳ן דעם זיבבענטען הימעל. איך פלעג עסען צוזאמען מיט מיסיס סיימאָנס און מיט איהר טאכטער, איך פלעג ארומגעהן שפּאציערן מיט מערי—ענן, ווען מיסיס סיי־מאָנס פלעגט שלאָפען; איך פלעג מיר ערלויבען צו קושען איהרע הענד און האב דורכגעפיהלט דעם גאנצען גן עדן פון דער ערשטער, ערנסטער, הייליגער ליעבע.

אזוי זיינען פערגאנגען פינף טאג, אויפ׳ן זעקסטען טאָג האט חאדשי סטאוו־ראָס אונז געמעלדעט, אז מיסיס סיימאָנס און איהר טאָכטער זיינען פריי. דערביי האט ער איהר איבער געגעבען א בריעף.

— נו, און איך? האב איך געפרעגט.

— פאר אייך האב איך נאך ניט בעקומען דאס אויסקויף געלד, האט חאדשי סטאווראָס געענטפערט.

איך בין געבליעבען שטעהן, וויא א פערשטיינערטער און האב אויפגעהויבען מיינע אויגען צו מיסיס סיימאָנס און איהר טאָכטער. מיסיס סיימאָנס האט מיר דערלאַנגט דעם בריעף, וועלכער איז בעשטאנען פון פאָלגענדע ווערטער:

„ליעבע שוועסטער!"

„דיא צווייא הונדערט טויזענד פראנק האב איך בעצאהלט, דיא פונפצעהן טויזענד פראנק האב איך ניט בעצאהלט, ווייל דיא קוויטונג איז געווען אויסגע־שטעלט אויף דעם נאמען פון א. מענשען, הערמאן שולץ, וועלכען איך קען ניט און מיט וועלכען איך האב קיין מאָל קיין געשעפט געמאכט. — יעצט קום אהער, וויא אם שנעלסטען."

„דיין ליעבענדער ברודער
עדווארד שארפ."

ערשט יעצט האב איך פערשטאנען, אז איך האב מיך געשפיעלט מיט א צווייישניידיגען מעסער. איך האב געריינט חאדשי סטאווראַס, ער זאָל געבען א קוויטונג, וויא עס איז איינגעפיהרט אין דער געשעפטס וועלט און ער האט אויס־געשטעלט צווייא קוויטונגען, איינע פאר מיסיס סיימאָנס מיט איהר טאָכטער און איינע פאר מיך. דער פראקטישער ענגלענדער, מיסיס סיימאָנס ברודער, האט בע־צאהלט דאס געלד פאר זיין שוועסטער מיט איהר טאָכטער, פאר א פרעמדען אבער האט ער ניט געוואלט צאהלען.

איך בין געשטאנען ניעדער געשלאגען, פערצווייפעלט און האב געבראכען דיא הענד פאר שמערץ און פערדרוס.

— מאכט דאָך ניט א זעלכע גרימאסען! האט מיסיס סיימאָנס געזאָגט צו מיר, ווייזט דאָך אז איהר זייט א מאן. איך זעה דאָך. אז איהר זייט א קלוגער מאן, ווייל איהר האט אויסגעטראכט אזא גוטעס מיטעל צו רעטען מיך און מיין טאָכטער, וואהרשיינליך, וועט איהר עפּעס אויסטראכטען אויך זיך צו רעטען. איך דענק זאָגאר, אז איהר קענט אנטלויפען אויף דעם וועג, וואס איהר האט געראטהען מיר און מיין טאכטער. ווען איהר וועט זיין אין אטהען, קומט אונז בעזוכען.

— יא, מאדאם, איך וועל שוין געפינען מיטעל, וויא ארויסצוקומען פון דאנען האב איך איהר געענטפערט.

איינינע מינוט שפּעטער איז זיא מיט איהר טאָכטער אוועק געגאנגען פון לאנער.

פארן אוועק געהן האט מערי—ענן מיר ווידער צו געוואָרפען א בליס, וועל־
כער האט מיך עלעקטריזירט, מיסיס סיימאָנס אבער האט מיר געזאָגט קורץ:

— קומט צו אונז, ווען איהר וועט זיין אין אטהען.

דערביי אבער האט זיא פערגעסען מיר צו געבען איהר אדרעססע.

---

6טעס קאפיטעל.

## דיא בעפּרייאונג.

איך בין יעצט געבליעבען גאנץ אליין צווישען דיא רויבער. מיין לאגע איז
געוואָרען פערצווייפעלט. יעצט האב איך געוואוסט, אז מאדאם סיימאָנס וועט ניט
אויסלעגען א פראנק פאר מיר, קיינער וועט זיך פאר מיר ניט אננעהמען. איך
מוז אנטלויפען אָדער איך בין פערלאָרען.

איך האב געטראכט. געקלערט, מיר געבראָכען דעם קאָפּ, וויא אזוי צו אנ־
טלויפען, האב אָדער גאָר נישט געקענט אויסטראכטען. אזוי זיינען פערגאנגען
צוויי טעג. עס איז געקומען דער 18טער מאי.

— איך האב נאָך צוועלף טעג צו לעבען, האב איך געזאָגט צו זיך אליין,
חאדשי סטאווראָס האט מיר געגעבען צייט ביז דעם 31טען מאי, ווען ער וועט
ניט בעקומען דיא פונפצעהן טויזענד פראנק פונקט 12 אוהר דען 31טען מאי,
וועט ער הייסען מיך טייטען. איך מוז אלזאָ אנטלויפען.

וויא אזוי אַנטלויפט מען אָבער? — מען האט מיך גוט בעוואכט, מען האט
פון מיר קיין אויג ניט אראָפּגעלאָזען. אלזאָ וויא אזוי אנטלויפט מען? — איך
האב געמאכט טויזענדער פלאנען, גוטע פלאנען, וויא עס האט זיך מיר אויפ׳ן
ערשטען בליק אויסגעוויזען, ווען עס איז אבער געקומען אויסצופיהרען דיעזע פלאַ־
נען, האב איך איינגעזעהן, אז זיי זיינען אונמעגליך.

ענדליך איז מיר איינגעפאהלען, איך זאל ווערן גאָר א גוטער פריינד מיט
מיין וועכטער, וואסיל האט ער געהייסען; ווען איך וועל ווערן מיט איהם גאנץ
גוט בעפריינדעט, וועל איך נעהמען זיין פיסטאלעט און וועל איהם דערשיעסען
און אנטלויפען. עס איז וואהר, אז עס האט מיך זעהר נעקרענקט צו טייטען א

מענשען, אָבער וואס טהוט מען ניט פאר'ן לעבען? — „ער איז דאָך נור א רויבער,“ האב איך מיר געטראכט, „ער האט שוין אומגעבראכט גענוג מענשען אין זיין לעבען, ער האט שאָן הונדערט מאל פערדיענט דעם טויט, ווארום אלזאָ זאל איך ניט זיין דער ריכטער און דער הענקער פון דיעזען פערברעכער?“

אויב איך האב רעכט געהאט אין מיין אורטהייל אדער ניט, וויל איך יעצט ניט ענטשיידען. דאמאלס איז מיר אויסגעקומען, אז איך האב פאלקאמען רעכט און איך האב אזוי געטאָהן. איך האב מיך פערשטעלט, אז איך האב אין גאנצען פערגעסען, וואו איך געפין מיך און אז איך האב נור נאָך עטליכע טעג צו לעבען. איך האב אנגעהויבען צו רעדען צו וואסילי, האב אָנגעהויבען איהם אויסצופרעגען פון וואנען ער איז, אויב ער האט עלטערן, פערוואנדטע, א געליעבטע. קורץ, מיר זיינען געווארען דיא בעסטע פריינד. עס איז וואהר, אז ער פלעגט מיך נאָך אלץ גאנץ גוט בעוואכען, אבער ער פלעגט מיר שוין ערלויבען צו בעטראכטען זיין שווערד, זיין פיסטאלעט און זיין ביקס.

תארשי סטאווראָס האט אמאָל געזעהן, וויא איך בעטראכט עפעס זעהר שטארק וואסיל'ס ביקס און ער האט געזאָגט צו מיר און א שפאס.

— זייט פארזיכטיג, דאָקטאָר, דיעזעס שפיעלצייג איז ניט פאר אייך.

אזוי זיינען אוועקגעגאנגען עטליכע טעג. איינמאל האב איך מיך פעררעדט מיט וואסיל ביז שפעט אין דער נאכט, ווען איך האב מיך איבערציייגט, אז אלע רויבער שלאָפען שוין, און איך האב מיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. דאן האב איך גענומען וואסילס פיסטאָלעט, וועלכער איז געלעגען אויף א שטיין לעבען איהם און האב איהם אויסגעשאָסען וואסיל'ן אין הערצען.

וואסילי איז אניעדערגעפאלען און איך האב גענומען דיא פיס און דיא הענד און האב אנגעהויבען צו לויפען. עס איז געווען א דונקעלע אבער קיין פינסטערע נאכט און אזוי וויא איך בין שוין געווען בעקאנט מיט דער געגענד ארום, האב איך געוואוסט וואוהין צו לויפען.

עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז מען יאָגט מיר ניט נאָך אבוואהל איך האב געהערט, אז אין לאגער פון דיא רויבער איז געוואָרען א לארם. אזוי וויא איך האב מורא געהאט צו לויפען מיט דעם גלייכען וועג, האב איך מיך בעהאלטען צווישען דיא קליינע ביימעלעך, וועלכע איך האב אנגעטראָפען, האב מיך אומגעקוקט און בין ווייטער געלאָפען.

וויא ווייט איך בין אוועקגעלאָפען פון לאגער ווייס איך ניט, מיר האט

זיך אויסגעוויעזען, אז איך בין שוין געווען גאנץ ווייט פון דיא רויבער, און האב מיך אניעדער געזעצט צווישען דיא ביימעלעך אום צו חאפען דעם אטהעם און זיך אומצוקוקען, אויב מען לויפט מיר ניט נאָך, ווען צוויא אייזערנע הענד האבען ארומגעחאפט מיין האלז און דיא שטרענגע הערשענדע שטימע פון חאדשי סטאוראָס האט אויסגערופען בייז:

— וואס האסט דוא געטאָהן? ווייסט דוא ניט, אז וואסילי איז מיין בעסטער, מיין געטרייעסטער דיענער?

— וואס האב איך דען געטאָהן? האב איך געענטפערט, איך האב איהם דערשאָסען.

— פאר וואָס האסט דוא עס געטאָהן?

— פאר וואָס? זייט איהר דען ניט רויבער? טייטעט איהר דען קיינע מענשען? וואס וואונדערט איהר זיך אזוי, פאר וואס איך האב דערשאָסען איינעם פון אייך?

— דומער יונגע! האט חאדשי סטאווראָס געענטפערט פינסטער, ווען מיר טייטען מענשען, איז דאס אונזערע פראָפעסיאָן, אויסערדעם זיינען מיר דאָך גרעקען, דוא אבער ביסט דאָך גאָר א געלערנטער און נאָך א דייטש דערצו, וויא קומסט דוא צו שיעסען אויף א מענשען?

דיעזער לאָגיק איז מיר געפעלען, געגען אזא ארגומענט האב איך ניט געהאט וואָס צו ענטפערן.

באלד זיינען צוגעקומען נאָך עטליכע פון חאדשי סטאווראָס' באנדע, וועלכע האבען מיר געבונדען דיא הענד אויפ'ן רוקען, האבען מיר אנגעטאהן א שטריק אויפ'ן האלז און האבען מיך צוריקגעטריעבען אין לאגער, וויא מען טרייבט אן אָקס צו דער שלאכטבאנק.

ווען מיר זיינען אנגעקומען אין לאגער, האט שוין אנגעהויבען צו טאָגען און אלע רויבער זיינען שוין געווען וואך. ערשט יעצט בין איך געוואָהר געוואָרען, אז וואסילי לעבט, איך האב איהם נור פערוואונדעט.

חאדשי סטאווראָס האט מיך צו געפיהרט צו וואסילים געלעגער און האט אונטערזוכט דיא וואונד. איך האב דערזעהן מיט שטוינען און פערוואונדערונג, אז דיעזער ווילדער רויבער פערשטעהט גאנץ גוט, וויא צו בעהאנדלען א וואונד. איך בין צוואר קיין מעדיצינער, אבער אזוי פיעל האב איך פערשטאנען, אז חאדשי סטאווראָס האט אליין ארויסגענומען דיא קוגעל פון וואסיל׳ס וואונד און האט ארויפגעלעגט אויף דער וואונד א פלאסטער פון א געגער זאלב.

— אזוי האנדעלט מען נענען א פריינד? האט וואסילי מיך נעפרענט מיט א פאָרוואורף.

איך האב איהם ניט נעענטפערט. וואס האב איך איהם דען נעקענט ענטפערן?

מיין לאגע איז יעצט געוואָרען אונערטרעגליך. דיא רויבער האבען נעוואָר־פען אויף מיר בייזע בליקע און איך בין זיכער, אז זיי וואָלטען מיך געטייטעט, ווען האדישי סטאווראָס זאָל זיי ניט געווען אנזאָגען, זיי זאלען מיך לאָזען צו רוה, ווייל זיי וועלען בעקומען פאר מיך פונפצעהן טויזענד פראנק.

מען האט מיך צונעבונדען צו א בוים און צוויא רויבער האבען מיך בעוואכט טאָג און נאכט. מען פלעגט מיר אפבינדען דיא הענד נור, ווען איך האב נעדארפט עסען אדער שרייבען. שלאָפען פלעג איך צווישעןביידע רויבער, געוועהנליך א נעבונדענער.

איך קען נאך יעצט ניט בעשרייבען, וואָס איך האב איבערנעליטען אין דיעזע לעצטע עטליכע טענ. עס זיינען געווען צייטען, ווען איך פלעג בעטען דיא רויבער, זיי זאָלען מיך־טייטען, אבער זיי פלעגען מיך אויסלאכען און מיר ענטפערן:

— ווען קיינער וועט פאר דיר ניט בעצאהלען דיא פונפצעהן טויזענד פראנק, וועט מען דיך שוין טייטען.

ענדליך איז געקומען דער שרעקליכער 30טער מאי, איינענטליך בין איך געווען צופריעדען, וואס איך וועל דאָך אויסגעלעזט ווערן פון מיינע פייניגער, אבער אין מיינע יאהרען וויל מען זעהר ניט שטארבען, בעזאָנדערס ווען מען איז פערליעבט אין מערי—ענן. יעדעס מאל ווען איך פלעג מיך דערמאנען, אז מאָרגען צוועלף אוהר, ווען מען וועט ניט ברענגען מיין אויסקויפ׳ס געלד, וועלען דיעזע מערדער מיך טייטען,—ווען איך פלעג מיך עס דערמאנען, פלעגט מיין הערץ א ציטער טאָהן אין מיר און איך פלעג שיער ניט אויפשפרינגען. מיינע וועכטער האָ־בען עס פערשטאנען און פלעגען לאכען אין דער הויך יעדעס מאָל, ווען איך פלעג א ציטער טאָהן.

אין יענע נאכט האב איך דורכנעלעבט און דורכנעפיהלט, וויא אזוי עס איז אויפ׳ן הערצען א מענשען, וועלכער איז פעראורטהיילט צום טויט און ער וויים, אז דאס איז זיין לעצטע נאכט.

פון שלאָפען איז קיינע רעדע נעווען. איך בין נעלעגען צווישען דיא צוויא רויבער און האב געטראכט, נעטראכט און נעטראכט. טויזענדער שווארצע, שרעק־ליכע, אבשייליכע, העסליכע בילדער האבען זיך מיר פאָרגעשטעלט, האבען זיך

נערדרעהט ארום מיר, האבען אויסגעגלאָצט. שרעקליכע אויגען אויף מיר, האבען געגלענצט זייערע מיילער אויף מיר און האבען מיר נעוויעזען, וואס פאר גרימאסע איך וועל - מאכען, ווען דיא רויבער וועלען מיר איבערשניידען דעם האלז.

פאר טאָג בין איך נעוואָרען אזוי מיעד, אז איך האב פערמאַכט דיא אויגען. איך קען ניט זאָגען, אז איך בין אנטשלאָפען געוואָרען, ווייל איך בין ניט געשלאָפען, נור מיינע אויגען האבען זיך פערקלעפט. פלוצלונג האט א פריינדליכע האנד מיך א טרייסעל געטאָהן. איך האב א ציטער געטאָהן און האב געעפענט דיא אויגען: פאר מיר איז געשטאנען דימיטרי.

איך בין אויפגעשפרונגען, וויא אן אפגעבריהטער, און האב אויסגערופען:

— דימיטרי! מיין גוטער, ליעבער דימיטרי! וואס מאכסט דוא? האסט דוא פיעלייכט געבראכט מיין אויסקויף געלד?

— אויסקויף געלד האב איך ניט, האט דימיטרי געענטפערט, אבער בערוהיגט אייך, מען וועט אייך קיין שלעכטעס טאָהן.

— וואס איז דען געשעהן? וואס איז נייעס? זאָג! דערצעהל, ליעבער דימיטרי! האב איך געשריעען אויסער זיך.

— וואַרט א ווײַלע, דער קעניג אליין וועט דיר אלעס ערקלערן, האט דימיטרי געענטפערט רוהיג.

אין דיעזע מינוט איז תאדשי סטאווראָס צו געקומען צו מיר. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג און איך האב דייטליך געקענט זעהן אז ער איז בלייך און זיין געזיכט האט זיך פערענדערט פאר צאָרן און פערדרוס. ער האט געהייסען זיינע וועכטער אוועק געהן און האט מיר א וואָרף געטאָהן אין געזיכט א צוקנייטשטען בריעף. דער בריעף איז אראָפּ געפאלען אויף דער ערד און דימיטרי האט איהם אויפגעהויבען. תאדשי סטאווראָס אליין האט מיר אפּגעבונדען דיא הענד. דימיטרי האט מיר דערלאנגט דעם בריעף און איך האב געלעזען:

„דען 25טען מאי..... אויף מיין שיף „פענסי."

„תאדשי סטאווראָס! אגלאיא געפינט זיך אויף מיין שיף אונטער דעם שוץ פון זעקס גוטע אמעריקאנישע קאנאָנען. זיא וועט דאָרט בלייבען אזוי לאנג, וויא לאנג הערמאן שולץ, וועט בלייבען א געפאנגענער ביי דיר אין דיא בערג. וויא דוא וועסט בעהאנדלען הערמאן שולץ, אזוי וועל איך בעהאנדלען דיין טאָכטער. זיא וועט בעצאהלען א צאָהן פאר א צאָהן, אן אויג פאר אן אויג און א קאָפּ פאר א קאָפּ."

„אנטוואָרטע מיר זאָ באַלד דוא ווערסט ערהאַלטען דיעזען בריעף, ווייל איך קען ניט ווארטען."

דשאן הערריס.

איך האב צוגעדריקט דעם בריעף צו מיין הערצען און האב אויס־גערופען:

— עס זיינען דאָך דאָ גוטע מענשען אויף דער וועלט! איך האב געוואוסט אז הערריס איז דער איינציגער מענש, וועלכער קען עפּעס טאָהן פון מיינעט וועגען און וועט עפּעס טאָהן פון מיינעט וועגען.

חאדשי סטאווראָס איז געשטאנען, וויא א דערשלאגענער, אויף זיינע אלטע באקען האבען זיך געקייקעלט טרעהרען. איך האב בעקומען מיטלייד מיט דיעזען מענשען און האב געזאָגט צו איהם:

— זייט רוהיג! הערריס איז א דשענטעלמען, ער וועט געוויס בעהאנדלען אייער טאָכטער, וויא אן אמעריקאנער דשענטעלמען דארף בעהאנדלען א פרוי.

— אלזאָ, שנעלל! לאָמיר געהן צו דיעזען טייפעל, דיעזען הערריס! האט חאדשי סטאווראָס אויסגערופען.

— און מיר? און דיא פונפצעהן טויזענד פראנק? האבען אויסגערופען דיא רויבער. מיר האבען איהם געפאנגען און אונז קומט א טהייל פון זיין אויס קויף געלד.

חאדשי סטאווראָס איז געוואָרען רויט, וויא פייער און זיינע אויגען האבען זיך אנגעצונדען בליצען.

שווייגט, הינט! ווען עס קומט אייך געלד וועל איך אייך בעצאהלען! האט ער געשריען ניט מיט זיין קול.

דיא רויבער האבען אראָפּגעלאָזען דיא קעפּ און האבען געשוויגען.

א פיערטעל שטונדע שפּעטער בין איך, האדשי סטאווראָס, און דימיטרי געזעסען אויף דרייא גוטע פּפערד און מיר זיינען געריטען צו דער בוכטע פון סאלא־מין, וואו עס איז געשטאנען דאס אמעריקאנישע שיף „דהי פּענסי."

ווען מיר זיינען ארויף אויפ'ן דעק, זיינען מיר ענטגעגען געקומען דשאן הערריס, הענרי לאָבסטער און דשאקאָמאָ פּאָנדי, דער איטאליענער. זיי האבען מיך ארומגענומען, האבען מיך געקושט און האבען זיך געפרעהט מיט מיר, וויא קליינע קינדער, וועמען מען האט צוריק געגעבען א געליעבטעס שפּיעלצייג.

קוים האבען מיר זיך א ביסעל בערוהיגט, האט דשאן הערריס געעפענט דיא טהיר פון א קאיוטע און עס איז ארויסגעקומען אגלאיא, דיעזעלבע, וועלכע פלעגט

קומען צו אונז יעדען זאָנטאג זיך איבען אין רעדען דייטש, פראנצויזיש און ענגליש.

חאדשי סטאווראָס איז צוגעלאָפען צו איהר, האט זיא ארומגענומען, האט זיא גענומען אויף דיא הענד, וויא מען טראָגט א קליין קינד, און איז מיט איהר אראָפּגעלאָפען פון׳ דעק. דימיטרי איז זיי נאכגעלאָפען און באלד זיינען זיי אלע דרייא פערשוואונדען געוואָרען אין דיא בערג.

דשאן הערריס האט מיך אריינגענומען אין זיין קאיוטע, האט מיר געהייסען זיך אפּוואשען, אפּרייניגען פון שמוץ און שטויב, און האט מיר געגעבען אנדערע קליידער, ווייל מיינע קליידער האבען זיך שטארק אפּגעניצט אין דער צייט, וואָס איך בין געווען א ניטווילענדיגער גאסט ביי חאדשי סטאווראָס.

מיר האבען זיך געזעצט עסען און איך האב געמוזט דערצעהלען אלעס, וואס מיט מיר האט פּאסירט, זייט איך בין ארויסגעגאנגען פון אטהען ביז אויף היינ־טיגען טאג. ווען איך האב דערצעהלט דיא געשיכטע מיט מערי—ענן און מיסיס סיימאָנס, האט הערריס אויסגערופען:

— איך וועל נאך טאנצען אויף אייער האכצייט! איהר זייט ווערט צו הא־בען אזא פרוי! איהר האט זיא פערדיענט!

— איך ווייס, אז מערי--ענן ליעבט מיך אבער איהר מוטער...... האב איך געזאָגט,—איהר מוטער האט געהאנדעלט ניט גאנץ שעהן געגען מיר.

— זייט רוהיג, הערר שולץ! איך וועל שוין אלעם בעזאָרגען. איבערמאָר־גען איז א באלל ביי דער פּרינצעסין אגאטהעא, זעהט, אז מען זאל אייך איינ־לאדען, איהר קענט בעקומען א בילעט פון דעם פּרייסישען געזאנדעטען. מיסיס סיימאָנס מיט איהר טאָכטער וועלען געוויס אויך זיין אויפ׳ן באָלל, דאן וועל איך שוין זעהן אלעם בעזאָרגען.

דעמזעלבען אבענד נאך זיינען מיר געשלאָפען אין אטהען אין אונזערע ציטער ביים אלטען כריסטאָדיל. דימיטרי איז ניט געווען אין דער היים.

הערריס האט מיר דערצעהלט, וויא אגלאיא האט זיך פערליעבט אין איהם און וויא ער איז געוואָהר געוואָרען, אז זיא איז חאדשי סטאווראָס׳ טאָכטער: זיא אליין האט עס איהם געזז

לעצטעס קאפיטעל.

# אויף דעם באָלל.

דער פרייסישער געזאנדעטער האט מיר מיט פערגניגען נעגעבען אן איינלאַ־דונג צום באלל. ער האט זיך ענטשולדיגט, וואס ער האט אזוי ווענינ געטאהן אום מיך צו בעפרייען, ווייל ער האט געשריעבען צום מיניסטער נאָך בערלין און ער ער־וואַרטעט נאָך אן אנטוואָרט. איך האב אנגענומען זיין ענטשולדיגונג און האב איהם געדאנקט דערפאר, וואס ער האט פאר מיר געטאָהן.

דער טאָג פון באָלל איז ענדליך געקומען. געגען ניין אוהר אבענדס בין איך מיט דשאן העררים געקומען אויפ׳ן באלל. מיר האבען געזוכט אין אלע זאלען מיסיס סיימאָנס מיט איהר טאָכטער און האבען זיי ניט געפונען. געסט זיינען אנגעקומען פון אלע זייטען. אלע געזאנדעטע זיינען געקומען מיט זייערע פרויען און מיט זייערע טעכטער. אלע גענעראלען, העכערע אפיציערן פון דער גריעכישער ארמעע זיינען געקומען אין זייערע גלענצענדע אוניפאָרמען, און אלע שיפסקאפיטאנען פון די קרינגסשיפען פון פרעמדע פעלקער זיינען געקומען, יעדער אין די קליידער פון זיין פאָלק.

געגען צעהן אוהר זיינען אנגעקומען דער קעניג מיט דער קעניגין מיט א גאַנ־צע סוויטע פון אדיוטאנטען, מיניסטאָרען און גענעראלען. דער קעניג מיט דער קעניגין אונטערן אָרים זיינען ארומגעגאנגען דעם גרויסען זאל, דאן האבען זיי זיך געשטעלט אויבען אן בען צווייא פערגאָלדעטע שטוהלען און האבען אנגעהויבען צו רעדען מיט די דיפלאָמאטען פון פרעמדע לענדער. דער קעניג האט גערעדט פון פאליטיק און די קעניגין נעווים פון פאריזער מאָדען, ווייל זיא האט זיך בע־זאָנדערס אונטערהאלטען מיט דער פרוי פון דעם פראנצויזישען געזאנדעטען.

אזוי וויא איך און דשאן העררים זיינען קיינע דיפלאָמאטען און האבען גאָר נישט ערווארטעט פון קעניג, האבען מיר ניט געקענט און אויך ניט געוואָלט זיך שטופען אויבען אָן.

מיר האבען זיך ארומגעדרעהט אונטען אין זאל, איך האב געזוכט מיט די אויגען מערי — ען און העררים האט גלאט געקוקט אויף די געסט אין זייערע זאָנ־דערבארע קליידער. איך מוז בעמערקען, אז אמעריקאנער דיפלאָמאטען און גענע־ראלען טראגען אין אויסלאנד אויף א באָלל אדער ווען זיי דארפען זיך פארשטעלע

פאר א הערשערה, נור א שווארצען פראק מיט א צילינדער הוט. קיינע עפּאלע־טען, קיינע מעדאיללען און קיינע מיט גאָלד געשטיקטע קליידער. אזוי איז עס און מען איז שוין געוואוינט דערצו.

פלוצלונג איז פארביי מיר דורכגעלאָפען א יונגער און א שעהנער אפיציער. איך האב איהם באלד דערקענט. דאס איז געווען פעריקלעס, דער נעפע פון חאדשי סטאווראָס. אזוי וויא הערריס האט געקענט אלעס, וואס עס האט פּאסירט מיט מיר אין דער צייט, ווען איך בין געוועזן א געצוואונגענער גאסט ביי חאדשי סטאוו־ראָס, האט ער אויך געוואוסט, ווער פעריקלעס איז. איך האב איהם אָנגעוויעזען דעם עלעגאנטען אָפיציער, און האב איהם געזאָגט:

— אט דאס איז דער פעריקלעס.

דשאן הערריס האט מיר גאָר ניט געענטפערט, איז גלייך צו געגאנגען צו פעריקלעס און האט געזאָגט צו איהם:

— מיין הערר, איך וויל מיט אייך עפּעס רעדען, ווילט איהר זיין אזוי פריינדליך און ארייגעהן מיט מיר אין יענעם קליינעם צימער, וואו מיר קענען זיין אליין?

— ביטע, מיין הערר! האט פעריקלעס געענטפערט שטאָלץ.

הערריס האט מיר א ווינק געטאָהן, איך זאָל אויך מיט געהן. ווען פעריקלעס האט מיך דערזעהן, איז ער געווארען בלייך, וויא קאלך, אבער ער האט געפאסט מוטה און איז דאָך געגאנגען מיט אונז. ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין דעם קליינעם צימער, האט פעריקלעס געפרעגט:

— נון, מיינע הערען, וואס פערלאנגט איהר פון מיר?

פעריקלעס האט געטראָגען א גאָלדענע מעדאיללע מיט דער אויפשריפט: „פיר טאפּפערקייט.“ דיעזע מעדאיללע האט מען איהם געגעבען דערפאר, וואָס ער האט פערניכטעט דיא באנדע רויבער פון חאדשי סטאווראָס.—דשאן הערריס האט ביי איהם אראָפּגענומען דיא מעדאיללע פון דער ברוסט און האט געזאָגט:

— דאס איז אלעס, וואס איך פערלאנג.

— מיין הערר! וואס איז דאס? האט פעריקלעס אויסגערופען.

— מאכט קיין לארם, הערר אָבערסט (פּאלקאווניק), האט הערריס געענט־פערט, ווען איהר ווילט צוריק דיעזען צייכען, קומט אויף דאס אמעריקאנשע קריעגס שיף „דהי פענסי“ און פרעגט אויף דשאן הערריס.

— אבער, מיין הערר, דיא מעדאילליע אין דאך ווערטה 20 פראנק אויך גאלד האט פעריקלעס אויסגערופען.

דשאן הערריס האט ארויסגענומען אן אמעריקאנער גאלדענעם פינף דאללאר שטיק און האט איהם דערלאנגט דעם אפיציער.

— איך דאנק אייך האט פעריקלעס געזאגט און האט צוגענומען דאס גאלדשטיק.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען.

איך און הערריס זיינען צוריק געגאנגען אין זאל. וויא ערפרעהט בין איך געווארען, ווען איך האב דערזעהן מערי—ענן שטעהן לעבען איהר מוטער און לע־בען א שעהן געקליידעטען עלטערן מאן. איך האב באלד פערשטאנען, אז דאס דארף זיין דער ברודער פון מיסים סיימאנס, דער באנקיר שארפ.

איך בין צוגעלאפען צו מיין געליעבטער און האב אויסגערופען:

— וואס מאכט איהר, ליעבע מערי—ענן?

מערי—ענן איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט, איהר מוטער אבער האט אויפגעהויבען דעם קאפ אזוי אויך, אז זיא האט שיער ניט דערגרייכט מיט איהם דעם דאך. דער עלטערער מאן האט מיך בעטראכט, וויא מען בעטראכט א ווילדעס און זעהר זעלטענעס טהיער.

— האט אייך ווער פארגעשטעלט פאר דיעזע דאמען? האט ער מיך געפרעגט.

— מיין הערר! איך בין הערמאן שולץ, איך בין געוועזען געפאנגען צוזאמען מיט דיעזע דאמען, איך האב געפונען א מיטעל, וויא זיי צו רעטען, מיר האבען פער־בראכט צוזאמען לאנגע און טרויעריגע טעג און נעכט.

— יא, יא, דאס איז אזוי, האט דער באנקיר שארפ געזאגט, אבער דיא ענגלישע זיטע פארדערט, אז מען זאל ניט רעדען צו א דאמע, איידער מען ווערט פארגעשטעלט.

— אבער אום גאטעס וויללען! איך בין דאך מיט זיי אזוי גוט בעקאנט! האב איך אויסגערופען.

— איהר זייט טאקע בעקאנט, אבער קיינער האט אייך ניט פארגעשטעלט, קענט איהר מיט זיי ניט רעדען.

— דאן שטעלט מיך פאר!

— איך וואלט עס געווים נעטאָהן, אבער איך קען דאָך אייך גאָר ניט קיינער האָט אייך ניט פאָרגעשטעלט פאר מיר.

— דאן ווארט א ווילע, איך וועל רופען מיין פריינד, אן אמעריקאנער שיפס־קאפיטאן, און ער וועט מיך פאָרשטעלען פאר אייך און פאר דיעזע דאמען.

— איך קען איהם אויך ניט און וויל ניט אז אן אמעריקאנער זאָל מיר פארשטעלען א דייטש. דאָס פאסט ניט.

— אלזאָ וועל איך ברענגען דעם פּרייסישען געזאנדטען! האב איך אויסגערופען.

— אָה, יא! דער פּרייסישער געזאנדטער קען אייך פאָרשטעלען.

איך בין אוועק געגאנגען זוכען דעם פּרייסישען געזאנדטען און האב איהם צוואר באלד געפונען, ער האט אבער גערעדט מיט דעם רוסישען געזאנד־דעטען און איך האב ניט געוואגט איהם צו אונטערברעכען. עס איז אזוי פער־גאנגען א גערוימע צייט, איידער איך האב גאָר געקענט רעדען מיט דעם פּריי־סישען געזאנדטען.

אונטערדעסען האב איך געזוכט מיט דיא אויגען מערי — ענן. זיא איז פערשוואונדען געוואָרען, ניט זיא, ניט מיסים סיימאנס, ניט עדווארד שארפּ זיינען אין זאל ניט געווען. איך האב זיי אויסגעזוכט אומעדום און האב זיי ניט געפונען. איך האב געטראָפען דשאן הערריס און האב איהם דערצעהלט, וואס מיט מיר האט פאסירט. ער האט באלד אויסגעפונען פון א לאקיי, אז מיסים סימאָנס מיט איהר טאכטער זיינען שוין לאנג אוועק פון באלל.

וואס האב איך געקענט טאָהן?

פערדראָסען בייז אונרוהיג און אונצופריעדען בין איך געגאנגען א היים צו אונזער אלטען בריסטאָדיל. הערריס איז אויך געגאנגען מיט מיר און האָט מיר געזאָגט אויפ׳ן וועג:

— מיין ליעבער שולץ, איך זעה, אז גריעכענלאנד איז ניט פאר אייך, זוכט אייך א בעסערע געגענד און א געזונדעס קלימא.

איך האב איהם ניט געענטפערט ווייל מיין הערץ איז געווען פער־ביטערט.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה האב איך געפונען אויף מיין טיש א צייד־טונג, אין וועלכער עס איז געשטאנען, אז מיסים סיימאָנס און איהר טאָכטער

מערי—ענן פאהרען היינט אוועק נאך טריעסט אויף דעם דאמפפער „דיאָנא.“ מעהר האב איך פון זיי ניט געהערט.

דשאן העררים איז מיט א קורצע צייט שפעטער אוועק געפאהרען נאך יא פאן, דער יונגער לאָבסטער איז אוועק געפאהרען נאך ראָם, און איך בין צוריק געפאהרען נאָך בערלין.

## ענדע.



# א טהעאטער אין הויז

עדער איינער וועט יעצט דיא מעגליכקייט האבען צו לעזען דיא בעריהמטעסטע אידישע טהעאטער שטיקע אין בוך-פארם, פיעסען פיר וועלכע עס זיינען בעצאהלט געווארען טויזענדע דאללארס וועט יעצט יעדער איינער קענען קויפען פיר

## בלויז 10 סענט

יעדע טהעאטער שטיק ענטהאלטעט אלעס וואס ווערט געשפראכען און געזונגען אויף דער ביהנע מיט אלע איינצעלנהייטען. וויא דאס שטיק ווערט אויפגעפיהרט און צוזאמענגעשטעלט. ווען איהר לעזט דיעזע טהעאטער שטיקע אין בוך-פארם דוכט זיך אייך אז איהר זיצט אין טהעאטער און לעבעדיגע פערזאנען ריידען פאר אייך. דיעזע דראמאטישע ווערקע, אבוואהל זיי זיינען שוין געשפיעלט געווארען פון דעסטוועגען זיינען זיי אזוי גוט און נאך בעסער וויא ניי, ווייל הערען אליין איז נאך ווענינ, ווען מיר ווילען בעגרייפען גוט איין האנדלונג און פערשטעהן א כאראקטער מוזען מיר עס לעזען פון א בוך, ערשט ווען מיר לעזען דיא דראמא פערשטעהען מיר עס ריכטיג אבצושעטצען.

בר כוכבא פון א. גאלדפאדען
מליץ יושר אדער רבי יאזעלמאנן „
אחשורוש „
דיא קאקעטע דאמען פון נ. מ. שייקעוויטש (שמר)
דער לעבעדיגער טויטער „ „
המן דער צווייטער „ „
דיא שפאנישע אינקוויזיציאן „ „
רבקה אדער א פונק אידישקייט „

יעדע טהעאטער שטיק קאסט בלויז 10 ס. מיט פארטא 12 ס.

אין פארבערייטונג

פיעלע אנדערע אידישע טהעאטער שטיקע.

פערלאג פון

## ב. ראבינאוויטץ,

398 גרענד סטריט. ניו יארק.

## נאכדעם וויא איהר וועט דורכלעזען „אוריאל אקאסטא“ זאלט איהר קויפען און לעזען

# ברוך שפינאזא

דאס לעבען און דיא פערפאלגונגען פון דעם גרעסטען אידישען פילאזאף, פערוויקעלט אין אן אנציהענדען ראמאן, נאך בערטהאלד אויערבאך, פון ב. גארין.

ברוך שפינאזא איז איינער פון דיא וויכטיגסטע פערזאנען אונטער אידען אָבער זעהר ווענינ אידען ווייסען ווער שפינאזא איז געוועזען, אין וואס איז בעשטאַנען זיין פילאָזאָפיע, ווארום האָט מען איהם אריינגעלייגט אין גרויסען חרם, ווארום פארנעטטערט מען איהם יעצט און נאך און נאך אזעלכע וויכטיגע זאכען. אלע יעצטיגע גרויסע פילאָזאָפען און דיא אמאָליגע האבען זיך בענוצט און זיך זעלבסט בעריהמט געמאכט שטודירענדיג און נאכאהמענדיג שפינאָזאס פילאָזאָפיע.

בערטהאלד אויערבאַך וועלכער איז בעוואוסט אלס דער גרעסטער וועלט־בעריהמטער דייטשער שריפטשטעלער און ראמאניסט און אלס איינער פון דיא בעסטע שפּינאָזאס היסטאָריקער האָט זיך מיט זיין ווערק „ברוך שפּינאזא“ בעריהמט געמאכט און עס איז אנערקענט געוואָרען אלס דאס בעסטע ווערק פון דיעזען אונאיבערטראפענעם דייטשען שריפטשטעלער.

דיעזעם ווערק אין אידיש איז אזוי מייסטערהאפט דיא זעלטען שעהנע שילדערונגען זיינען אזוי בעצויבערענד אז ווען איהר לעזט דיעזעס ווערק דיינקט איהר אז עס איז געשריעבען אָריגינאל אין אידיש. דאס ווערק איז זעהר אינ־טערעסאנט און אנציהענד פון אָנפאנג ביז ענדע.

**דער פרייז פיר דאָס גאַנצע ווערק איז בלויז 20 סענט פארטא פריי.**

**דיעזעס ווערק ענטהאלט אויך שפינאָזאס בילד.**

פערלאג פון

## ב. ראבינאוויטץ,

**398 גרענד סטריט, ניו יארק.**

# באקאטשיא'ס ווערק.

עס איז אַ פאַקט וואָס יעדער אידישער לעזער וועט צוגעבען אַז

# מאדאם באבעטא

איז דאס בעסטע ווערק וואָס איז ערשיענען אין אידיש.

# פאסקארעללא

האט געמאַכט דעם גרעסטען סוקסעס ביי אלע קלאסען לעזער,

# דיא צוויי פאארלאך:

איז א מייסטער־ווערק וואס האָט קיין גלייכען

# פרינצעסין צולייקא

איז דאס בעסטע וואס באָקאַטשיאָ האט געשריעבען.

באָקאַטשיא'ס ווערק זיינען בעארבייטעט פון דעם בעריהמטען אידישען שריפטשטעלער

# ד. מ. הערמאלין

באקאטשיאס ווערק קאָסטען **10** סענט א שטיק

מיט פאָרטאָ **12** סענט.


פערלאג פון

# ב. ראבינאוויטץ,

**398** גרענד סטריט, ניו יארק.

# דער אמת איז
# דער גרעסטער וואונדער!
דיא ווילדעסטע פאנטאזיע און דיא שטארקסטע איינבילדונגס-קראפט קען ניט אויסטראכטען אָדער ערפינדען אזעלכע זעלטענע פאקטען וויא מען געפינט אין איין אמת'ע בעשרייבונג פון דיא געשיכטע פון אידישען פאָלק.

# דיא אידישע געשיכטע
## פון אברהם אבינו ביז יעצטיגע צייט
אָריגינעל בעארבייטעט פון דיא בעסטע און זיכערסטע קוועלען אין א לייכטע פערשטענדליכע שפראכע פון דעם גרויסען אידישען געלעהרטען און היסטאָריקער

## פ. וויערניק
איז דאס גרעסטע וואונדער ווערק פיר אלע אידישע לעזער עס ענטהאלטעט אללע ריכטיגע היסטאָרישע פאקטען וואָס מיט אידען האָט פאסירט אמאָל און היינט.

פאלשטענדיג אין איין באנד, עקסטרא פיין געבונדען

### פרייז 1 דאללאר

פערלאג פון
## ב. ראבינאוויטץ,
398 גרענד סטריט, ניו יארק.

ב. ראבינאוויטץ, 398 גרענד סט., ניו יארק

איז דער איינציגער פלאץ פון אללע

# אידישע מוזיק

## פיר געזאנג פיאנא און וויאלין

פון דיא פאפולערסטע אידישע אפערא'ס און

## ✦ סקארבאווע נגונים ✦

שולמית, בר כוכבא, דיא צויבערין (קאלדוניו), אחשורוש, מליץ יושר, ניהגום און
מן שרף, עקדת יצחק, דוד'ס פיעדעלע, קעניג ליער, רוסאטאס דרייפוס מארטש,
בליהמעלע, כתרי, המן דער צווייטער, דיא עקידה, דער אידישער מארטירער, מן
המצר, פעריאמערט פערקלאנט, מארדים ראזענפעלדס פאלקס־ליעדער, צתווערס
אידישע פאלקס־ליעדער, גאלדפאדענס פאפולערע טהעאטער ליעדער, מאטולעסקא'ס
אמת אידישע קופלעטען, רייגנאלדס ארבייטער ליעדער, א. ז. ו. א. ז. וו.
סקארבאווע- נגונים, דער אריגינעלער ארטהאדאקסישער כל נדרי, פון ה. א.
רוסאטא, ונתנה תוקף, בראש השנה, ברכת כהנים א. ז. וו.

---

פארערט נור דיא אבענענאנטע אידישע אפערא'ס ארראנזשירט ביא דעם
בעריהמטען אידישען מוזיקער און קאמפאזיטאר

ה. א. ר ו ס ס א ט ט א.

ווייל זיי זיינען ריכטיג ארדאנזשירט און זעהר שעהן געדרוקט.

פערלאג פון

# ב. ראבינאוויטץ

398 גרענד סטריט, ניו יארק.

B. RABINOWITZ, Publisher.

398 Grand Street, New York.

## דיא ניצליכסטע ווערק פיר אלע אידען

# דיא אידישע געשיכטע

### נאָך פראפעססאָר גרעטץ און אנדערע בעריהמטע היסטאָריקער,

בעאַרבייטעט פון דעם גרויסען אידישען געלעהרטען

## פ. וויערניק.

דיעזעס הערליכעס ריעזען-ווערק ענטהאַלטעט דיא גאַנצע אידישע היסטאָריע פון דער צייט וואָס אידען האָבען אָנגעפאַנגען צו עקסיסטירען ביז היינטיגען טאָג. עס דערצעהלט אַלעס וואָס מיט אידען האָט פּאַסירט אַמאָל און היינט. עס איז דער גרעסטער אוצר פון געשיכטליכע וויסענשאַפט. דורך דיעזעס ווערק וועט דער אידישער לעזער בעקאַנט ווערען מיט דיא געשיכטע פון זיין פאָלק וועלכע איז אַזוי רייך אין מערקווירדיגע בעגעבענהייטען.

**דיא אידישע געשיכטע** איז איין אונענדליך-גרויסער ספר זכרון וואו עס איז פערשריעבען מיט אייביגע בוכשטאַבען דיא וויכטיגע פערגאַנגענהייט פון דעם אידישען פאָלק. קיין פאָלק האָט ניט אַזאַ בעריהמטע היסטאָריע וויא דאָס אידישע פאָלק. דער אידישער לעזער האָט ביז יעצט ניט געהאַט דיא מעגליכקייט צו בעקענען זיך מיט דיא גרויסע לייט און וועלט-בעריהמטע פערזאָנען פון זיין פאָלק פון וועלכע ער שטאַמט אַרויס. ווייל אַזאַ פאלשטענדיגע אידישע היסטאָריע איז נאָך ביז יעצט ניט געוועזען, מאַנכע האָבען זאָגאַר געמאַכט אַ פערזוך עס צו טהאָן, אָבער קיינע קען זיך ניט פערגלייכען מיט דיעזע פאָלשטענדיגע אידישע געשיכטע בעאַרבייטעט פון דעם גרויסען אידישען געלעהרטען און היסטאָריקער פ. וויערניק. דער שרייבער פון דיעזעס ריעזען-ווערק האָט זיך ניט נור בענוצט מיט פּראָפעססאָר גרעטץ'ס אידישע געשיכטע אַליין זאָנדערן מיט פיעלע אַנדערע בעריהמטע אידישע היסטאָריעס פון פערשיעדענע שפּראַכען, און פון דיא אַלע האָט ער צוזאַמענגעשטעלט דיעזע פאָלשטענדיגע היסטאָריע פון אידישען פאָלק. דיעזע „אידישע געשיכטע“ איז געשריעבען אין אַ פרייע לאַנד וואו דער שרייבער דאַרף ניט מורא האָבען אָנצוגרייפען מיט זיין פעדער אירגענד וועלכע רעגיערונג אָדער רעליגיאָן וואָס דאָס שפּיעלט דיא הויפּט ראָלע אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק. דער שרייבער פון דיעזעס ווערק האָט בעשריעבען דיא פאַקטען וויא זיי זיינען אונגעשטערט אָפען און פריי. דיעזע אידישע געשיכטע איז געשריעבען אין אַ לייכטע אידישע שפּראַכע פערשטענדליך פיר אַלע קלאַססען לעזער. מיר מאַכען אויפמערקזאַם דיא אידישע לעזער. דאס אויסער דעם וואָס דיעזעס ווערק איז העכסט בעלעהרענד איז עס אויך אינטערעסאַנט, שפּאַנענד און אנציהענד. עס וועט פערשאַפען דעם לעזער אַ וואַהרען גייסטיגען פערגניגען.

**דיעזעס ווערק איז געדרוקט פון נייע שריפט, אויף גוטע פּאַפּיר און עלעגאַנט געבונדען.**

## פרייז 1 דאללאר.

פערלאַג פון

## ב. ראַבינאָוויטץ, 398 גרענד סטריט, ניו יאָרק.

